רחל אויערבאך

ISBN:0-657-10854-5



# אויף די פעלדער פון טרעבלינקע

ווארשע - לאדזש - קראק

1947

רחל אויערבאַך

# אויף די פעלדער פון טרעבלינקע

רעפּאָרטאַזש

וואַרשע · לאָדזש · קראָקע

1947

דער רעפּאָרטאַזש פון רחל אויערבאַך איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט אַ יאָר צוריק און גיט איבער די איינדרוקן פון דער לאָקאַלער וויזיע אויפן שטח פון דעם געוועזענעם טויטן־לאַגער אין טרעבלינקע. אין רעפּאָרטאַזש וועגן דער עקספּעדיציע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 7־טן נאָוועמבער 1945, זיינען אַריינגעפלאָכטן שילדערונגען און רעפלעקסיעס וועגן דעם, וואָס טרעבלינקע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט. מיר באַמערקן, אַז די מחברטע האָט זיך שוין זינט דעם יאָר 1942 פאַרנומען מיט פאַרהערן עדות און פאָרשן די פּראָבלעמען פון טרעבלינקער טויטן־לאַגער און הגם דער רעפּאָרטאַזש אירער טראָגט אַ מער ליטעראַרישן איידער וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער, שטייען די אין אים באַשריבענע פאַקטן אין הסכם מיט דעם היינטיקן שטאַנד פון אונזערע פאָרשונגען בנוגע טרעבלינקע.

ר ע ד אַ ק צ י ע ־ ק אָ ל ע ג י ע

# אינפאָרמאַציע

דעם 7־טן נאָוועמבער 1945 איז, לויט דער איניציאַטיוו פון דער מלוכהשער הויפּט־קאָמיסיע צו פאָרשן די דייטשע פאַרברעכנס אין פּוילן, פאָרגעקומען אין טרעבלינקע א לאָקאלע וויזיע מיט דער באַטייליקונג פון שעדלעצער אויספאָרשונגס־ריכטער ז. לוקאשקע־וויטש, פּראָקוראָר מאטשעיעווסקי, געשווירענער געאָמעטער מ. טרויטזאלד, פאָרשטייער פון דער צ. יי. ה. ק. — רחל אויערבאך און קפּט. ד״ר י. קערמיש; פאָרשטייער פון „קרייז פון געוו. טרעבלינ־קער״ רייזמאן, רייכמאן, פרידמאן, מיטעלבערג און גרינבערג. אין דער לאָקאלער וויזיע האָבן זיך אויך באַטייליקט: פאָרזיצער פון דעם שעדלעצער פּאָוויאַטאָוון נאציאָנאל־ראַט י. שלעבזאַק, דער סאָלטיס פון שכנותדיקן דאָרף וואָלקא אָקראָנגליק, בירג. קוכארעק און פּאָטאָ־רעפּאָרטער ביק.

בשעת דער לאָקאלער וויזיע איז גענוי באַקוקט געוואָרן דער שטח פון געוו. טויטן־לאגער און עס זיינען געמאַכט געוואָרן פאָטאָ־גראַפישע אויפנאַמען. נאָך דעם צוריקקומען קיין וואַרשע האָבן די יידישע אָנטיילנעמער פון דעם ארויספאָר קיין טרעבלינקע, באַלייגט אין צענטראל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן א מעמאָריאל וועגן דעם מצב, אין וועלכן זיי האָבן געטראָפן דאָס אָרט, ווו עס זיינען פאָר־געקומען די גרעסטע הריגות פון פּוילישע יידן. דער מעמאָריאל איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַן אַפּעל צו ווענדן זיך צו די געהעריקע פאַקטאָרן און גורם זיין די נויטיקע שריט, וואָס זאָלן אַ סוף מאַכן צו דער פּראָפאַנאַציע פון דעם אָרט, וואָס ווערט באַטראַכט פאַר א הייליקייט דורך מיליאָנען יידן אין גאָר דער וועלט.

# פאָרוואָרט

איך ווייס, אַז דאָס וואָס איך גיב דאָ איבער צום דרוק איז ווייט נישט קיין גרינגער לייען־שטאָף. און עס איז נישט קיין לייען־שטאָף פאַר מענטשן מיט שוואַכע נערוון, אויב מיט יידן האָט אָבער אַזוינס געקאָנט געשען, אויב יידן, וואָס האָבן דאָס צוגעזען, האָבן אַזוינס געקאָנט דערציילן און איך האָב עס געקאָנט פאַרצייכענען — דאַרפן אויך אַנדערע יידן נישט שוינען זייער געמיט און באַקענען זיך מיט אַ הונדערטסטן טייל פון אַ הונדערטסטן טייל פון דעם, וואָס מען האָט געטאָן מיט יידן...

זאָלן וויסן אלע יידן. עס איז זייער נאַציאָנאַלער חוב צו וויסן דעם אמת.

און צי זיי ווילן וויסן אָדער נישט, זאָלן אויף כל־ערליי אופנים באַוויגן ווערן צו דערקענען דעם דאָזיקן אמת אויך נישט־יידן.

זאָל ענדלעך אויפגיין ביי אַלע מענטשן אין אַלע לענדער דאָס פולע ליכט פון באַוווסטזיין וועגן דעם, צו וואָס עס פירט פאַשיזם, טאָטאַליזם, אייגנטלעך פאָליטישער אינדיפערענטיזם און פאָליטישע אינערץ פון מאַסן...

צו וואָס עס קאָן דערפירן דאָס אויפשטעלן צוריק דייטשע מאַכט.

דעם דאָזיקן ציל איז געווידמעט מיין פיינלעך ביכעלע.

דער רעפּאָרטאַזש, אָדער ווי אַזוי איך זאָל נישט אָנרופן מיין אַרבעט, איז ווי אַ פּאַרמעסט צו געבן אַ פול בילד פון טרעבלינקע, ווייט נישט פאַרגאַנצט.

איך זאָג דאָס נישט צוליב דעם, ווייל איך וויל

זיך אַרויסדרייען פון קריטיק. איך וויל בלויז אָנווייזן די פעלערן, וואָס איך זע אליין, פון וואָס עס איז נישט געדרונגען, אַז איך האָב זיי געקאָנט אויסמיידן. איך האָב מער ווי איין תירוץ דערויף, הלמאַי איך האָב דערווייל נישט געקאָנט שרייבן אַנדערש, ווי כ׳האָב געשריבן.

מער רעפלעקטיוו, ווי שילדעריש, מער גערעדט ווי געוויזן. נישט געגעבן דעם רעאַליזם פון דער קאָנקרעטער איבערלעבונג טויטן־לאגער.

עס פעלן עיקר־זאכן. פאראן עפעס וואָס פון דער פּיין, נישטאָ די דערהויבונג פון יידישן מענטש.

עס פעלט — האַלינקע טשעכאָוויטש, דאָס 7־יעריקע מיידעלע פון אַ טרעבלינקער פּראָטאָקאָל, דאָס פאַרשטענדיקע, אַ רגע פאַרן טויט רייף־געוואָרענע יידישע קינד.

זי ליגט אַוועק ביים צעשיידן דאָס קעפּעלע אויפן אקסל פון איר פאָטער, נישט ווייל זי זוכט אויף זיין ברוסט אַ טרייסט, אַ סעקונדע באַהעלטעניש פאר די אויגן וואָס זעען שוין העל דעם אומקום. ניין, זי וויל דעם פאָטער בארויקן, זי איז וויל טרייסטן און שטאַרקן.

„טאַטעשי, האָב קיין מורא נישט! טאַטעשי, זאָרג נישט!"

און — „נאַ דיר, טאַטעשי, דאָס זייגערל. דו וועסט בלייבן לעבן, וועסטו האָבן".

און דער טאַטע איז טאַקע „געבליבן". און ער „לעבט". און ווען ער האָט אָפּדערציילט די מעשה און פאַרטראַכט זיך, דערקענט מען אויף זיין פּנים, ווי אַזוי ער הערט זיך נאָך כסדר איין דעם קול פון זיין קינד, פילט אירע פינגערלעך, ווי זיי רוקן אים אריין דאָס שטיקל גאָלד, וואָס מען האָט איר געהייסן היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ: טאָמער וועט פּונקט זי זיין די, וואָס וועט זיך ראַטעווען. אָבער זי ווייסט, אַז זי באַדאַרף עס שוין נישט...

און אויך איך הער און זע דאָס מיידעלע, און די טרערן אירע,

וואָס זי האָט נישט געוויינט, כדי נישט אָנצוטאָן דעם טאַטן עגמת נפש, וועלן שוין וויינען אין מיר ביזן סוף פון מיינע טעג.

און איך זע זיי אין די הונדערטער און טויזנטער אַזעלכע מיידעלעך, נאָך אין דער צייט, ווען זיי האָבן אויפגעבליט ווי בלומען אין פארמאַכטן געטאָ, כאָטש זיי האָבן נישט געהאַט שוין אַרום זיך קיין גרעזל גרינס. איך פלעג זיי טרעפן יעדן טאָג אויף די אָנגע־שטאָפּטע גאַסן, צווזען זייער פרילינג אויף די יידישע הייף. ביז זיי זיינען מיט איינמאָל פארשוווּנדן פון מיין בליק. טאָ נאָך אַמאָל אַ פינטל מיט דעם שאָטן פון אַן ענלעכקייט אין עפעס אַ פּנים, וואָס איך באַגעגן איצט. אין נייע, אָן יידן פרעמד־געוואָרענע שטעט, אויף נייע וועגן.

ווו האָב איך שוין געזען אַמאָל ביי אַ רויטהאָריק קינד אַזעלכע אויגן, גרין־גאָלדענע און טיפע די בעקעלעך פּוכיקע און אַ ראָז נעזעלע אַ באַשפּרענקלטן מיט דראָבנע קלייען? ווו האָב איך שוין באַגאַפט דעם חן פון סלאַוויש אויסגעמישט מיט יידיש אין שע־מעוודיקן שמייכל פון אַ פּיסקעלע אַ יונגיטשקעס?

איך בלייב שטיין און קוק נאָך: אפשר איז דאָס אונזערס אָן אָפּגעראַטעוועטס? און אפשר בלויז אַ רמז, אַ פאַרבלאָנדזשעטער, וואָס וועט דאָ ארומוואָגלען אין בלוט דורך דורות, ווי אַ זכר.

און ווער איז דער מענטש מיט העלע ברעמען, וואָס קומט אויף פון צייט צו צייט אין מיין זכרון? מיט אַ צעחושט, באַוואַקסן, אָבער מאָדנע היימיש פּנים. עפעס אַזאַ נישט קיין הויכער און אַ גיכער, אין אַ גרין־גראָען אָפּגענוצטן רעגן־מאַנטל. אפשר איז ער אַמאָל געווען מיין אומבאַקאַנטער שכן אין לעמבערג אָדער אין וואַרשע? אפשר האָט ער מיר פארקויפט פּאַסאַליעס, ווען איך האָב געפירט אַ קיך אין געטאָ? אפשר איז ער געשטאַנען — אַ ייד צווישן יידן — מיט אַ טישל פּיעטרושקע אויפן באזאר? איך בין שוין אָפּגעזעסן האַלבע שעהן און געטראַכט, ביינאַכט אויפגעקומען און זיך געמו־טשעט צו דערמאָנען, אָבער איך ווייס נאָך אַלץ נישט ווער דאָס איז.

אָבער איינס ווייס איך אויף געוויס.

אַז שוין קיינמאָל, קיינמאָל וועל איך נישט באַגעגענען דעם מענטש, נישט אָפּשטעלן אים אינמיטן גאַס צווישן אַן עולם אַנדערע. ווי אַ שטיין וואָלט מיר אַראָפּ פון האַרץ: זאָגט מיר, ייד, ווער זענט איר, וואָס איר קומט מיר פאָר אַזוי באַקאַנט?

און ווער עמענס איז דער גראָבער פּופּלאַק, וואָס רעדט אונטער׳ן צינגל, חצי יינגל, חצי קינד? מיט אַן אָנגעיעזשעטן קאָפּ האָר, ווי דאָס פוטערל פון אַ יונג חיהלע. מיט אַ צעכראַסטעטן בלאָען טיזאַ־ליק. אַ לויפנדיקער, אַ שפּרינגנדיקער אַזאַ, וואָס האָט נישט קיין צייט אָפּצועסן.

פּייער און ווינט.

ווער ביסטו, יינגעלע? וועמענס ביסטו, וואָס דו פּלאָנטערסט זיך אַרום אויף דעם בית־עלמין פון מיין זכרון?

איך האָב זיי אַלע געדאַרפט צו ווייזן אין טרעבלינקע. דאָרטן זיינען זיי געוואָרן פאַרלענדט. די גאַנצע סטיכיע.

און די הויכע יידענע האָב איך נישט געוויזן — די פּירזאָגערין. די רביצין, צי די מאַרק־זיצערין פון אַ פּראָווינצער טראַנספּאָרט. זי איז געשטאַנען ווי אַ בעל־תפילה פאַרן עמוד אין אויסטער־באַראַק און הויך, אויפן קול, מיט יידישע און לשון־קודשדיקע ווערטער, מיט אַן עולם ווייבער ווידוי געזאָגט פאַרן טויט. געשטערקט די הענט אַרויף, געשריגן צו גאָט ער זאָל זען און הערן און זיין אַ נוטר ונוקם...

נאָך יידן און יידענעס וואָס האָבן אויפגעפלאַמט, ווי ליכט מיט זייער גאַנצן יידישן און מענטשלעכן מהות אַ רגע פאַרן פאַרלעשן.

און וואָס פאַראַ וואָג האָט מיין רעדן וועגן די אַסירים פון טרעבלינקע, ווען עס פעלט צווישן זיי דער ד״ר כ אָ ר אָ נ ז ש י צ ק י — דאָס האַרץ פון דער טרעבלינקער קאָנספּיראַציע?! אַנדערע הויפּט־געשטאַלטן פון דער דערשיטערנדיקער דראַמע טרעבלינקער אויפשטאַנד — אויפגעגאַנגענע און אונטערגעגאַנגענע אין קאַמף. אינזשיניער גאַלעווסקי, משה אָ ר ל אַ נ ד, קאַפּיטאַן זיעלאָ בלאָך פון טשעכיע. פּנימער און כאַראַקטערן, וואָס שיילן זיך

אַרויס פון צווישן אַ גרויסער מחנה אַנאָנימען — נתגלה געוואָרענע אין דער לעצטער שעה פון זייער לעבן — ג ר ו י ס ע  י י ד ן.

דאָס בילד פון דער קאָנספּיראַציע און אויפשטאַנד אין טרעב־לינקע האָט אין אַזעלכע שמאָלע ראמען נישט געקאָנט אַריין. דאָס מוז געוויזן ווערן גאַנץ באַזונדער.

איז נאָך טאַקע דאָס, וואָס איז גיב דאָ איבער צום דרוק, ווייט קיין בילד נישט פון טרעבלינקע, ווי איך זע און ווייס עס.

עס איז קוים אַ שקיץ צו אַ פראַגמענט פון אַ בילד, וואָס איך וואָלט וועלן אָפּגעבן מיין רעשט ביסל יאָרן צו קאָנען עס אָנמאָלן. דאָס בילד פון דעם, ווי אַזוי אַ לעבעדיקע, שרייענדיקע, ברויזנדיקע וועלט שווימט אַוועק אין אַ תהום.

איך וועל עס נאָך צענדליקער מאָל פּרוון טאָן, הגם איך ווייס נישט צי כ׳וועל עס באַוויזן.

אָבער פּרוון וועל איך.

*רחל אויערבאַך*

לאָדזש, יאַנואַר 1946.

# דער וועג אַהין

דאָס איז ער — דער טרויעריקסטער פון אַלע יידישע וועגן.

די טראַסע, וואָס אַזויפיל הונדערטער טויזנטער יידישע מענטשן האָבן זי מיטגעמאַכט אין פאַרדראָטעוועטע, ביז איבער אַלע ראַנדן אָנגעשטאָפּטע לאַסט־וואַגאָנען, אין ערגערע באַדינגונגען, ווי די, אין וועלכע עס זיינען ווען נישט איז געפירט געוואָרן קעלבער צו דער שחיטה.

— וואַסער!!! — האָבן געוופן די מענטשן פון די פאַרביי־פאָרנדיקע טויט־טראַנספּאָרטן און אויב אַ מענטש האָט דאָס קול זייערס געהערט, וועט ער עס שוין נישט פאַרגעסן קיינמאָל. אינעווייניק האָבן יידן איינער ביים אַנדערן פאַר" דורשט דעם שווייס אַראָפּגעלעקט פון לייב. ביי יונגע מאַמעס איז פאַר שרעק די מילך אַנטרינען אין דער ברוסט און זיי האָבן זיך שוין נישט דערבעטן, נישט פאַר זיך, נישט פאַר די פּיצלעך קינדער זייערע נאָך איינמאָל פאַרן אומקום מיט וואָס באַנעצן די פאַרברענטע ליפּן. נישט געווען קיין רעכט אויף לעצטע ווונטשן פאַר אָט די צום טויט פאַרמשפּטע. צו גרויס איז געווען דאָס געאייל פאַרטיק צו ווערן אין משך פון חדשים מיט — מיליאָנען. שוין אויפן וועג זיינען קהלות גאַנצע אומגעקומען פאַר דערשטיקעניש.

און צוליבן כלאָר, מיט וועלכן מען האָט דאָ און דאָרט לשם „דעזינפעקציע" אויסגעשיט די וואַגאָנען.

מיר וואָלטן אייגנטלעך אויך געדאַרפט אַהין פאָרן מיט דער

באַן און אפשר אַפילו גיין צופוס. ווי פרומע וואנדערער, וואָס זיינען עולה רגל צו אַ הייליק אָרט. רעקאַפיטולירן אלע סטאַציעס פון יידישן טויטן־גאַנג. אָבער די מיילנשטיינער פון דער דאָזיקער גאָל־גאָטע זיינען נאָך ווייט נישט געוואָרן אַוועקגעשטעלט. דערווייל פאָרן מיר נאָך נישט אויף קבר־אָבות קיין טרעבלינקע. מיר פאָרן בלויז מיט אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע באַקוקן דאָס אָרט און די איינציקע פיין, וואָס מיר נעמען אויף זיך באהבה, איז דער קאלטער ווינט, וואָס פאַטשט אונז רויט און בלאָ די פנימער אין יאָגנדיקן אויטאָ.



5. טרעבלינקע: קופּע מענטשלעכע ביינער

# די מענטשן פון טרעבלינקע

אַכט ייִדן זיינען מיר צוזאמען אויף דעם אויטאָ. צוויי מיטגלידער פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע, אַ פאָטאָ־רעפּאָרטער און 5 געוועזענע אַסירים פון טרעבלינקע. דריי פון זיי אָפּגעראַטעוועטע אין טרעבלינקער מרידה, איינער וואָס איז פון דאָרט געוואָרן איבערגעשיקט אין ווייטערדיקע לאגערן (אגב אן עדות פון ד״ר יצחק שיפּערס טויט אין מאַידאַנעק) און נאָך איינער, וואָס האָט זיך געפונען אין שטראָף־לאַגער טרעבלינקע 1, און נישט אין מערבאַרימטן טויט־לאַגער טרעבלינקע 2. דאָרט איז ער אין זומער 1944 שוין אַ „ליקווידירטער", פון צוויי קוילן געטראָפענער, אויפגעשטאַנען ביינאַכט תחית המתים און האָט זיך מיט דער הילף פון אַ פויער איבערגעמוטשעט אין דער געגנט ביזן אָנקום פון דער רויטער אַרמיי.

יעדער פון די טרעבלינקער און אַפילו פון אונז דריי, וואָס זיינען אין טרעבלינקע נישט געווען — האָט זיין געשיכטע. אַ רינג אין אַ רינג, אַ געפלעכט פון מעשיות, וואָס וואָלטן געקלעקט אויף אָנצופילן אַסך בענדער אַוואַנטוריסטישע ראָמאַנען. די ראָמאַנען וואָלטן זיך געלייענט זייער שפּאַנענד און גרויליק, זייער פאַנטאַסטיש. זיי וואָלטן היינט פאַר אונז גופא געקאָנט קלינגען משונהדיק און אומוואַרשיינלעך, ווען מיר וואָלטן פונדעסטוועגן נישט צופיל גוט געוווּסט, אַז זיי זיינען בלויז אַ בפירושער, פשוטער אמת.

אין אַלע קרעטשמעס, ביי וועלכע אונזער וואָגן שטעלט זיך אָפּ, אין דער אכסניה, ווו מיר פאַרפאָרן אויף נאַכטלעגער, אויף די פּונקטן, ווו מיר וואַרטן אָפּ די פאַרבינדונגען — כסדר האַלטן די טרעבלינקער אין איין דערציילן. עס לעבט אין זיי אַן אינסטינקט,

אַ מעכטיקער דראנג איבערצוגעבן און פּאַרפּיקסירן דאָס טראגישע און מאָנסטרואַלע, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט און צוגעקוקט. אַ מאַקאַברישער טעטראַמעראָן וואַקסט אויס פון די פיר טעג שילדערונגען פון אונזער אכטל.

עס וואָלט געווען כדאי די ווייטע וועלט, וואָס איז שוין מוכן ומזומן נישט איין זאַך אָנהייבן פארגעסן — זאָל זיך מיט אַזעלכע מיני שילדערונגען אַ ביסל געניער באקענען.

# דערמאנונג

און נאָך אַמאָל שטייט אויף פֿאַר מיר דאָס בילד פון טויטן־לאגער, אזוי ווי איך האָב עס צענדליקער און צענדליקער מאָל גע־הערט שילדערן. די מאָדערן אָרגאַניזירטע מתים ־ פאבריק, דער דייטשער מאָרד־באַטריב, וואָס האָט איבערגעאַרבעט אויף אַש, גאָל־דענע ציין, מאַטראַצן־האָר און אַלטע בגדים — העכער אַ מיליאָן יידישע עקזיסטענצן. איך קוק אויף די פינף טרעבלינקער, אָבער אין דמיון זע איך און הער דעם סאמע ערשטן אַנטלאָפענעם פון דאָרט. דעם, וועמענס זכרונות וועגן 18 טעג פאַרבראכטע אין טרעבלינקע איך האָב וואָכנלאַנג פאַרצייכנט און באַאַרבעט נאָך אין ווינטער 1942—43.

ער האָט געהייסן אברהם קזשעפּיצקי.

מיר האָבן געאַרבעט ביידע אין אַ פאבריק פון קינסטלעכן האָניק, געוווינט אין דעם זעלבן „ווינבלאָק”. און אָט זע איך אים אין זכרון — אַ נאָך לעבעדיקן — שטייט ביי מיר אין שטוב. נידעריק געוואקסן, מיט אַ קאָפּ שווארצע האָר און ווי שווארצע דימענטן לויכטנדיקע, יונגע אויגן. 25־יעריק, בלוט און מילך, גאָ־ר פייער. אָבער קלוג ווי אַ זקן, פעסט אין די באַשלוסן. ווי אַ רייפער מאַן. אַדאַנק דעם האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסצו־באַקומען פון דעם טויטן־לאגער.

זיין פנים פלאמט פאַר גליק. ער האלט אין האנט אַ רעוואָל־ווער, וואָס אַ יידיש שמוגלער־מיידל האָט געבראכט אין אַ לאַבן ברויט פון דער פוילישער זייט. איינע פון די ערשטע „געווער־ליפערונגען” פאַר דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

און אָט זיינען שוין דאָ די ערשטע רעזולטאַטן — דייטשן דער־

שאָסענע בעת דער צווייטער גירוש־אַקציע, יאַנואַר 1943. ער דער־
ציילט מיר סצענעס פון די ערשטע קאַמפן און פארכליניעט זיך פאר
התלהבות.

ער האָט מיטגעמאכט מיליטער־דינסט אין דער פוילישער אר־
מיי, באַנוצט זיך מיט מיליטערישע באַגריפן. זיין גליענדיקסטער
חלום איז פאַרבינדן זיך מיט די אין וואַלד, אָרגאַניזירן אַן אָנפאַל
אויף טרעבלינקע. איצט ווער איך געוווירר, אַז דעם זעלבן חלום
האָבן געהאַט די יידישע ארבעטער אין טויטן־לאגער, אינעווייניק,
אויף אַ סאָוויעטישן דעסאנט האָבן זיי געהאָפט. אויף אַן אָנפאַל פון
די פאַרטיזאנער. גערעכנט טאָמער וועלן פאַרטיזאנער לויפן אויף
די גרויסע געלטער, וואָס זיי קאָנען דאָ דערראָבערן פאַר זייער צוועק.
ליידער האָט זיך די קאלקולאציע נישט באַשטעטיקט.

קזשעפיצקי האָט געפלאנט זיך אָנשליסן אין אַ גרופע, וואָס
שלאָגט זיך דורך אַ וועג קיין אונגאַרן. דערנאָך גיי איך אַרויס אין
חודש מערץ אויף דער פוילישער זייט, וויל אים העלפן, זיך אויך
אַהין אַרויסבאַקומען, האַלט פאַר וויכטיק צו ראַטעווען אים אלס
עדות. אָבער אַלע פלענער ווערן בטל. ער איז שוין אַ דיסציפלי־
נירטער מיטגליד פון דער קאמפס־אָרגאַניזאַציע. זיין אָרט איז צו
בלייבן אין געטאָ. זיין גורל אומצוקומען אין אויפשטאַנד אַלס
קעמפער.

אַזוי אַרום האָט אברהם קזשעפיצקי, איינער פון די ערשטע
פיאָנערן פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, נישט די מרידה אין טרעב־
לינקע, נישט די שפעטערדיקע — פאַר אונז צו שפעט געקומענע —
מפלה היטלערס נישט דערלעבט. נישט דערלעבט צו זיין אַ וועג־
ווייזער פון דער היינטיקער עקספעדיציע קיין טרעבלינקע. בלויז
איינס האָט ער דערלעבט. דעם פאַסיון, הכנעהדיקן מארטירער־
טויט אין טרעבלינקע, האָט ער אויסגעביטן אויף אַ טויט אין
אַקטיוון, אַ העלדישן און שיינעם — אַלס קעמפער אין ווארשעווער
געטאָ־אויפשטאַנד.

זאָל זיין נאָמען זיין געדאַכט צווישן די נעמען פון די קעמפער.

# טרעבלינקע־ליטעראַטור

נאָך פון קזשעפּיצקין און פון אנדערע אַנטלאָפענע אין יאָר 1942 האָבן מיר זיך דערוווסט דעם עיקר וועגן טרעבלינקער מאָרד־באַטריב. אין אונזער ארכיוו, אונטער די חורבות פון געטאָ, געפינען זיך די מאַטעריאַלן, וואָס זיינען געזאמלט געוואָרן האַרבסט און ווינ־טער 1942—43 און מיין באַאַרבעטונג א. ד. ט. „איך בין אַנטלאָפן פון טרעבלינקע". דערנאָך איז צוגעקומען די אין קאָנספּיראַציע אויף יידיש דערשינענע בראָשור פון יאנקל וויערניק א. נ.: „אַ יאָר אין טרעבלינקע", וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אויסלאנד, איבערגעדרוקט אין יידישע און העברעישע צייטונגען און דערנאָך אַרויסגעגעבן אין אַ יידישער און ענגלישער איבערזעצונג אין ניו־יאָרק.

נאָך דער באפרייונג פון פוילן האָט זיך וועגן טרעבלינקע באַוויזן אַ ריי פּובליקאציעס. אין ראַטנפאַרבאַנד איז דערשינען אַ בראָשור פון וו. גראָסמאַן א. ט. „טרעבלינקער גהינום", ווי אויך אַ ריי רעפּאָרטאַזשן אין „נאָווע ווידנאָקרענגי" און אַנדערע צייט־שריפטן. אין קראָקעווער „אָדראָדזעניע" זיינען דערשינען צוויי אַרטיקלען פון ש. רייזמאַן. אין „דאָס נייע לעבן" איז געווען געדרוקט אַ שילדערונג פון דעם טרעבלינקער אויפשטאַנד. אַ ליטעראַרישע באַאַרבעטונג פון דער קאָנספּיראַציע און מרידה אין טרעבלינקע האָט גרייט צום דרוק פּראָקוראָר י. לעשטשינסקי. קלענערע און גרעסערע אַרטיקלען וועגן טרעבלינקער טויטן־לאגער זיינען אויך געווען געדרוקט אין פאַרשידענע פּוילישע טאָג־צייטונגען.

זומער 1945 האָט זיך אין לאָדזש אָרגאַניזירט אַ קרייז פון גע־

וועזענע טרעבלינקער אסירים, וואָס האָט אַ צייט לאַנג צוגעהאָלפן דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין אַלע אַרבעטן, פאַרבונדענע מיטן אויספאָרשן די געשיכטע פון דעם טויטן־לאַגער. דער עיקר אין איינעמען גבית־עדות פון מענטשן, וואָס זיינען געווען אין טרעבלינקע. די געשפרעכן מיט די עדות האָט אויפגענומען די פוילישע פסיכאָלאָגין יאנינאַ בוקאָלסקאַ, אַ באַקאַנטע יידן־פריינדין, וואָס האָט גרויסע פאַרדינסטן ביים ראַטעווען יידן אויף דער א. ג. אַרישער זייט אין ווארשע.

יענקל וויערניק טראָגט זיך אַרום מיט אַ פּראָיעקט צו שאַפן אַ מאָדעל פון דעם לאַגער, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען אַלע פּרטים פון דער אומקום־מאַשינעריע.

ביים היינטיקן טאָג פאַרמאָגט די צענטראַלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע אַ פּאָר צענדליק פּראָטאָקאָלן פון געוועזענע טרעבלינקער. פּלענער פון דעם לאַגער, לידער וואָס זיינען געזונגען געוואָרן אין טרעבלינקע. און וועגן טרעבלינקע, ווי אויך פאַרשידענע אַנדערע מאַטעריאַלן, וואָס ווערן באַארבעט און וועלן מיט דער צייט אַרויסגעגעבן ווערן אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע*).

מיט איין וואָרט — דער טראַגישער שם פון דעם לאַגער, וואָס איז דער גרעסטער סימבאָלישער און פאַקטישער מאַסן־קבר פון פוילישן יידנטום, דאָס אָרט פון דעם גרויליקסטן דייטשן מאַסן־פאַרברעך — איז אויסגעוואַקסן ביז גאָר.

„טרעבלינקע דאָרט...

פאַר אַלע יידן דאָס ה י י ל י ק ע  אָ ר ט“.

אַזוי האָט אָנגערופן טרעבלינקע דאָס פאָלקס־ליד, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן שוין נאָך דער ערשטער אַקציע אין ווארשע, האַרבסט 1942. „דאָס ליד פון די וואַגאָנען“ — געזונגען אין די

---

*) אין צווישן איז שוין דערשינען א בראָשור פון דעם שעדלעצער ריכטער וואָס האָט געפירט די אויספאָרשונג און זיך באַטייליקט אין דער לאָקאַלער וויזיע דעם 7־טן נאָוועמבער 1945.

Zdzisław Łukaszkiewicz. Obóz straceń w Treblince, Pansiwowy Instytut wydawniczy, Warszawa 1946

„שאָפּן“ און אַנדערע יידישע ארבעטס־פּלעצער צווישן דער ערשטער אַקציע און דער צווייטער, צווישן דער צווייטער און דער דריטער.

און אויך דאָס דאָזיקע ליד פון די וואַרשעווער יידן — זייער לעצטגעלט דעם יידישן פאָלקלאָר — געהערט אין דער רשימה פון דער טרעבלינקע - ליטעראַטור.

# „ס'איז גאַניש, גאַניש, גאַניש"

פון די טרעבלינקער, וואָס איך האָב גערעדט מיט זיי און וואָס זיינען דאָ היינט מיט אונז נישטאָ, דערמאָן איך זיך אַצינד נאָך איינעם.

אַ ייד, אַ האַרבער און אַ שאַרפער, אַפשר אַ געפערלעכער. זיין האַרבקייט איז אָבער פון די, וואָס מונטערן און פרישן אָפּ די נשמה.

אַ סקעפּטיקער, אַ סאַרקאַסט, אַ שוויגער, וואָס דריקט אָבער אויס זייער אַסך מיט זיין אופן פון אַרייסבלאָזן דעם רויך פון פּאַפּיראָס.

אויב כ'האָב קיין טעות נישט, איז ער אגב פון באַרוף אַ קצב, אַ פּשוטער חי וקים.

איך האָב אים באגעגנט קורץ נאָך דער באפרייונג, קנאַפּע צוויי יאָר נאָך זיין אַנטלויפן פון דעם טויטן־לאגער. די וווּנד טרעבלינקע האָט זיך נאָך אָבער ווייט נישט געהאַט פארהיילט אין זיין געמיט. זיין האַלטונג פון אַ געיאָגטער חיה האָט זיך נישט אויסגעוועפּט און וועט זיך מסתמא נישט אויסוועפּן קיינמאָל. גאַנץ אַנדערש, ווי די אַנדערע — האָט ער נישט געוואָלט רעדן וועגן איבערגעלעבטן, נישט געוואָלט דערציילן.

— איר זענט דאָרט נישט געווען, — איז ווויל צו אייך. טאָ וואָס באַדאַרפט איר וויסן? איר ווילט עס באשרייבן?! שרייבט היינט, שרייבט מאָרגן — ווער עס איז דאָרט נישט געווען, דער וועט עס נישט פאַרשטיין.

און נאָך עפּעס האָט ער געזאָגט:

— ס'איז נ אָ ך טרעבלינקע.

— טרעבלינקע האָט זיך נאָך נישט געענדיקט. עס גייט אונד נאָך, ווי עס איז אונז נאָכגעגאנגען ביז אַהער. אין וואלד, אויף די בוידעמער, אין אַלע לעכער, פון וואַנען מ׳האָט געמוזט אַנטלויפן פאַר יעדן מינדעסטן מסור. איצט איז עס דאָ אויף דער גאַס, אין רעסטאָראַן, ווו איך זיץ נאָך אַלץ מיט מיין יידישער נאָז, כאָטש איך וואָלט שוין געדאַרפט פון לאנג צו זיין אויף יענער וועלט.

יעדער מענטש איז אַ רוצח און איך אויך. איך וואָלט אויך וועלן הרגענען און שלאָגן, הרגענען און שלאָגן...

— ס׳איז גאָניש, גאָניש, גאָניש..

די מדבר האָט נישט קיין וואַלד און האָט נישט קיין בוים...

ער האָט מסתמא געמיינט דערמיט די מדבר, וואָס איז געבליבן אין זיין נשמה, אָן אויסגעשרפהטער דורך דעם טיפון.

צי וועט מען נאָך אַמאָל דערגיין צו דער מדרגה צו מאָנען דין־וחשבון פאַר נשמה־שאָדנס?

# פאַרגעסט אייער שמייכל,
# די וואָס איר ווילט דאָ אַריינקוקן!

פאַרגעסט אייער שמייכל אויף אייביק!

און פאַרגעסט אייער נאָמען מענטש, אויב מענטשן האָבן זיך גערופן די, וואָס האָבן אַזוינס צוזאַמענגעבראַכט!

אין דער פּאָעמע „גלגמש" ווערט באַשריבן, ווי אַזוי דער געט־לעך שיינער איז מעכטיקער ענקידו, דער מלך פון בבל, בייט זיך איבער נאָכדעם, ווי ער נידערט אַראָפּ אין מלכות פון די געשטאָר־בענע, כדי אויפצוזוכן דאָרט דעם שאָטן פון זיין פאָטער. און ווען ער איז צוריקגעקומען צווישן די לעבעדיקע, האָט ער זיך שוין נישט געקאָנט מער קוויקן מיטן וואסער פון די קוואלן און דערלאָבן זיין האַרץ מיט דער זיסקייט פון די פרוכטן. ער האָט אויפגעהערט צו קושן די ברוסטן פון די פרויען און פרייען זיך — יונג און ווילד — מיט דער שיינקייט פון די בתולות. ער איז ברוגז געוואָרן מיט אַלע געטער און מיט די געטינס און אַריינגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה.

ווייל ער האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַנומען דעם עניין טויט. פונקט ווי אונזער יידישער מלך פון „קהלת".

איבער די מויערן פון דאַנטעס מיטלאַלטערלעכן גהינום שטייט די אויפשריפט: „פארלירט אייער האָפענונג די, וואָס איר טרעט דאָ אַריין".

וואָס האָט געזאָלט שטיין אָנגעשריבן איבער דעם אריינפאָר־טויער פון טרעבלינקע?

דאָ זיינען בלויז געווען אויסגעזאָגט אויפשריפטן וועגן אָפּ־געבן ווערט־זאַכן אין דעפּאָזיט, מלבושים צו דעזינפעקציע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען די יידן פון די טויט־טראַנספּאָרטן, האַלב דערשטיקט צוליב ענגשאַפט און מאַנגל אין לופט, מיט מתים אויסגעמישט געפּאַלענע אין וועג, קומען אָן אויף דער טרעבלינקער „ראַמפּע", ווערן זיי אין דער זעלבער רגע באַפאַלן פון אַ מחנה דייטשע און אוקראַאינישע ס. ס. מיט שטעקנס, נאַהייקעס און מיט אויטאָמאַטן אין די הענט. עס הייבט זיך אָן דאָס אַרויסיאָגן פון די וואַגאָנען, דאָס העצן און טרייבן, דאָס מוראדיקע שלאָגן. דאָס נישט לאָזן קיין איין סעקונדע צייט אויף זיך באַזינען.

פונדעסטוועגן באַמערקן די אָנגעקומענע עטלעכע זאַכן. מען האָט זיי איינגערעדט, אַז זיי פאָרן ווייט אויפן „מזרח" „אויף אַרבעט", אויף „זיך באַזעצן". אָבער כאָטש מען האָט זיי לאַנג געהאַלטן אין וועג, דערקענען זיי, אַז ווייט זיינען זיי נישט פאַרפאָרן. זיי זעען דעם גאַנצן סיסטעם פאַרצוימונגען פון שטעכיקן דראָט פאַרמאַסקירט מיט גרינע צווייגן, די שווערע מאַשין־געווערן אויף די דעכער פון די באַראַקן, אויף די וואך־טורעמס, מיט דער באַדינגונג גרייט יעדן מאָמענט אָפּגעבן אַ סעריע קוילן...

אַזוי זאָל אויסזען אַן אָרט, ווו מען קומט זיך באַזעצן. אַפשר איז דאָס אַן אַרבעטס־לאַגער, אפשר אַ קאַצעט?*)

ניין: דער אָנשטעל גייט דאָ אין אַן אַנדערער ריכטונג. מען וויל איינרעדן דעם עולם, אַז דאָ קומט פאָר אַן *איבערשטייגן*. מיסטיפיקאַציע געהערט צו די אָנגענומענסטע טאַקטישע פּרינציפּן פון דעם רעזשים און ווערט אָנגעווענדט אין אַלע קעמערלעך. אין אַ שפּעטערער צייט זיינען פאַראַן אויפשריפטן אין דייטש און פּויליש, וואָס רעדן וועגן בייטן דעם צוג.

„סטאַציאָן אָבערמיידאַן, אומשטייגן נאָך ביאַליסטאָק און וואָלקאָוויסק".

דער נאָמען טרעבלינקע איז שוין דעמאָלט קאָמפּראָמיטירט — פאַרהוילט מען אים. אין די אונטערשטע ווענט פון די באַראַקן

*) קאָנצענטראַציע־לאַגער.

מאַכט מען מעשה טעאַטער־דעקאָראַציע אַ קאַסע און באַגאַזש־פּענצ־טערל, אַ פּיקטיוון זייגער. ווידער אין אַ פריערדיקער צייט, זומער 1942 שטאַרצן אַנטקעגן די אויסשטייגנדיקע מאסן אויף הויכע דרענגער עפּעס אַזעלכע משונהדיקע טאָוולען מיט אַ גאַנצער מגילה אויפשריפטן אין דייטש און פּויליש. וועגן באָדן זיך און דעזינפעצירן, וועגן געלט און צירונג, וועגן דאָקומענטן.

פאַראַן טעג, ווען עס קומען וויניקער טראַנספּאָרטן, ווען מען האָט מער צייט, דעמלט ווערט די קאָמעדיע, בפרט מיט אויסלענדישע ייִדן, געטריבן אזוי ווייט, אַז מען נעמט נישט נאָר אָפּ די ווערטזאַכן לויט דער ריי ביים קאַסע־פּענצטערל, נאָר מען גיט אַפילו אויף זיי אַרויס קוויטונגען. פאַראַן אַזעלכע ייִדן, דער עיקר דייטשע „יעקעס", וואָס ציטערן איבער די קוויטונגען, גיבן אכטונג ס׳זאָל אַלץ געניו זיין אויסגערעכנט, עס זאָל זיי עפּעס „דערנאָכדעם" נישט פאַרפאַלן ווערן. אַסך מענטשן הערן זיך אָבער באַלד אויף מאַכן נאַריש. זיי דערקענען אַליין, אַז די טאָוולען מיט די אויפשריפטן זיינען טשוטשעלעס, מאַשקאַרעס אַזעלכע אויף די אויגן צו פאַרבלענדן. זיי זעען קודם כל די סטערטעס מלבושים און שיך, וואָס ליגן דאָ אויף טריט און שריט. און כמעט יעדער, וואָס גיט אײבער זיין ערשטן איינדרוק פון טרעבלינקע, דערציילט וועגן דעם שטאָך אין האַרץ ביים אָנקום:

— אַזויפיל קליידער — און ווו זיינען די מענטשן?!

אַ שטיקל ענטפער דערויף גיט דער חוש־הריח. אין דער צייט אײדער מען האָט די טויטע אָנגעהויבן ברענען איז געשטאַנען איבער דעם מאָרד־באַטריב פשוטער מתים־עיפוש. דערנאָך איז ער געוואָרן פאַרמישט מיטן גערוך פון געבראָטן פלייש...

דערנאָך... דערנאָך... זינט האַרבסט 1942 האָבן שוין אלנפאלס פּוילישע ייִדן קיין אילוזיעס נישט געהאַט.

נישט געהאַט און פונדעסטוועגן אפשר טיילוויז נאָך פאַרט געהאַט? נישט געקוקט אויף די שרעקלעכסטע ידיעות, געקלאַמערט זיך אין יעדן שטרויעלע, אין יעדן שטויבעלע האָפענונג, אַבי נישט

מוזן גלויבן, אז דאָס מוראדיק אומגלויבלעכע און אומהיימלעכע איז אמת. איז נוגע משמעות זיי גופא. אַזאַ איז דאָס געזעץ פון לעבנס־חוש, פון זעלבסטגעפיל פון דעם געזונטן גוף. אַזאַ איז דאָס געזעץ פון דער געזונטער נשמה, וואָס שיצט זיך אויף דעם אופן פאַר שגעון. פאַר אומזיסטער פארצווייפלונג. אפשר איז דאָס פשוט אַזאַ אונטער־באַוווסטע, פארמאַסקירטע פאָרם פון רעזיגנאַציע.

און דייטשן האָבן דאָס אלץ גלענצנדיק פארשטאַנען אויסצוניצן. אין סטראַטעגיע פון פעלקער־מאָרד, ווי מען רופט עס היינט, האָט די פסיכאָטעכניק געשפּילט נישט קיין קלענערע ראָל, ווי די פשוטע טעכניק. די פסיכישע און פסיכאָסאָציאַלע מעכאַניזמען פון די קרבנות זיינען געוואָרן איינגעשפּאנט אין דער מאשין פון זייער אומברענגען. די זעלבע לייט־ליניעס אין פאַרגיין, בעת די אַקציעס אין די געטאָס, אויפן וועג און אויפן אָרט אין טויטן־לאַגער גופא. אומברענגען די גרעסטע צאָל מענטשן, אין דער קירצסטער צייט, מיטן גרעסטן מאַטעריעלן געווינס ביי די מינימאַלסטע הוצאות, סכנות און פאַר־לוסטן מצד אייגענע מענטשן! דאָס איז דער ציל. אַלץ אַנדערע זיי־נען מיטלען צו דעם דאָזיקן ציל. ברעכן פיזיש און מאָראַליש די מאַסע, ווי דעם יחיד. אונטערבינדן אַלע אָפּוואַר־רעפלעקסן, אַריינ־נאַרן דעם גרעסטן פראָצענט מענטשן כמעט גוטוויליק אין טויט־קלעם. אַטאָמיזירן, דעזאָריענטירן, צעטיילן און צעשיידן יעדע גרו־פּע, יעדע משפחה. דער הונגער און דאָרשט, די ענגשאַפט, די איי־לעניש, דער טעראָר — אַלץ דינט דעם גרויסן ציל פון דעם גיגאַנ־טישן יידן־מאָרד. אָבער אמבולטסטן פון די אלע זאכן דינט דעם דאָזיקן ציל דער ל י ג ן.

דאָס איינשלעפערן דעם געזונטן שרעק פון דעם געזונטן און קאָמפּעטענטן עלעמענט מיט פאַלשע הבטחות, אַז נישט אים מיינט מען, דאָס איינשפּאַנען די אַקטיווקייט פון די אַקטיווסטע איז אַ פּוסטן געיעג נאָך פאַלשע זיכערקייטס־מיראַזשן, נאָך פּאַפּירן און פּאַפּירטשיקלעך, נאָך יעדן טאָג אַנדערע נומערן און שטעמפּלען...

די דייטשן האָבן פריער פאר אונז פאַרשטאַנען די מאַכט פון דער פארצווייפלונג, די סכנה פון יידישן ווידערשטאַנד. אָבער זיי האָבן אים אויך, ווי לאַנג עס לאָזט זיך, פאַרשטאַנען אויסצומיידן. אין פרט פון די דערפינדונגען זייערע אויפן פסיכישן געביט פון מענטשן־אויסראָטונג, האָבן זיי די ערשטע אָנגעווענדט מעטאָדן, וואָס זיינען ביז איצט געווען אינגאנצן אומבאַקאַנט און זיי האָבן געהאַט דערפאָלג מיט די מעטאָדן. ביז וואנען עס איז געפונען געווארן אַן אָפּווער־מיטל קעגן דעם נייעם פסיכאָ־סאָציאַלן געווער זייערן, זיינען שוין 90 פראָצענט יידן געווען טויט. דער רעשט האָט אַ חוץ דעם כבוד גאָרנישט באַוויזן צו ראטעווען.

קאָנסעקווענט ביז די לעצטע קאָנסעקווענצן רופט מען ביז צום סוף נישט אָן די זאַך ביים נאָמען. און אַפילו אויפן געביט פון טויטן־לאגער, אַ פאָר הונדערט מעטער פון דער מעכאַנישער מתים־פאבריק, גיט מען, ווי ווייט מעגלעך, נאָך נישט אויף די אָנשטעלן.

אין העלפט יידן באארבעט מען מיט בייטשן און די אַנדערע מיט דרשות פון „סימפאַטישע" ס. ס.־לייט. מיט צוזאָגן פון אַרבעט, מיט נאָכפרעגן זיך אויף פאַכלייט. פרויען הייסט מען מיטנעמען טיילמאָל „אין באָד אַריין" האַנטיכער.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע זאַכן מאַכט מען נאָר אין טעג, ווען ס'איז דאָ מער צייט. ס'רוב איז אָבער דאָס געאייל צו גרויס. די אַרבעט ברענט אונטער די הענט. נישטאָ קיין צייט זיך צו שפּילן. אויגוסט—סעפּטעמבער 1942 איז דער הויך־סעזאָן. מען פירט פון וואַרשע פון 6000 ביז 10000 נפשות אַ טאָג. מען פירט פון אַנדערע שטעט. מען ברענגט אַהער אַ טראַנספּאָרט פון 60 וואַגאָנען. מען טיילט אים אין דריי פּאַרטיעס צו 20 וואגאָנען און יעדע פּאַרטיע מוז פאַרטיק ווערן אין אַן אויסגעזעצטער קורצער צייט.

טראַנספּאָרטן קומען אָן עטלעכע אַ טאָג.

היטלער איילט זיך. ער האָט צוגעזאָגט פּאַרטיק צו ווערן מיט די יידן אין אייראָפּע, אפילו אויב ער זאָל פאַרשפּילן. און ווי עס דריקט זיך אויס סטעפאַן שענדע אין טיטל פון זיין בוך: דאָס איז „דער צוזאָג, וואָס היטלער האָט געהאלטן"*).

---

*) Steîan Szende, The promise Hitler kept ז.יך ציטיר פון אויסג־וויניק. דאָס ביכל איז דערשינעי 1944. אָרט און פאַרלאַג געדענק איך נישט. דאָס איז אַ באַאַרבעטונג פון גבית עדות אויפגענומען ביי אַ לעמבערגער ייד.

# די צוגרייטונג

„מענער רעכטס, פרויען און קינדער לינקס!"

מיט פרויען און קינדער האָט מען נישט וואָס צו מאַכן קיין שהיות, וואָס צו קלויבן. 100 פראָצענט שמעלץ. „געמוזט".

פרויען און קינדער גייען אויפן ערשטן פייער. קודם אין באַראַק זיך אויסטאָן. איבערלאָזן די ירושה, אַליין פון זיך אַראָפּוואַרפן אַלצדינג ביזן לעצטן העמד. אַליין צונויפבינדן די שיך מיט צוגעגרייטע שטריקלעך פּאָר צו פּאָר, כדי עס זאָל נישט פעלן דערנאָך צום רעמאַנענט קיין איין רעכטער אָדער לינקער שוך. די באַדינונג איז אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, אַז אין די באַהעלטענישן פון נאַקעטן גוף זאָל נישט פאַרבלייבן וואָס פון דער ירושה. אין די הינטנס און אין די פונפאָרנטס ביי די פרויען. אונטערן אָרעם, אונטער דער צונג. די גילדערנע ציין ווערן אַרויסגעשלעפּט פון מויל ערשט נאָכן טויט. פאַרשטייט זיך, אַז נישט צוליב דעם, כדי איינצושפּאָרן די יידן יסורים — כדי איינצושפּאָרן צייט.

אין אַ שפּעטערדיקער תקופה, ווען די קאָמערציעלע עקספּלאָאַטאַציע פון דעם מתים־געשעפט באַקומט דעם געהעריקן פאַרנעם, קומט נאָך צו דאָס אָפּשערן די האָר ביי די פרויען. די האָר ווערן דערנאָך געפּאַרעט אין קעסלען, געטרוקנט און ערשט אַזוי אַרום אַרויסגעשיקט לויט באַן־פראַכטן אין די מעבל־פאַבריקן. ערשטקלאַסיקע מאַטראַצן־פילונג, אָדער, ווי אנדערע האַלטן, מאַטעריאַל אויף איזאָלאַציע־מאַטעס אין די אונטערוואַסער־שיפן. טרעבלינקע האָט געליפערט פון דער סחורה 25 וואַגאָן...



6. לאקאלע וויזיע אויפן געביט פון געוו. טרעבלינקער לאגער דעם 7 נאוועמבער 1945.
עס שטייען פון לינקס אויף רעכטס אין דער ערשטער ריי: ש. פרידמאן, געשווירענער
געאמעטער ק. טרויטסאלד, רחל אויערבאך, ריכטער לוקאשקיעוויטש, י. רייכמאן, דר. יוסף
קערמיש, ת. גרינבערג, מ. מיטעלבערג, פראקוראר מאטשיעיעווסקי, ש. רייזמאן

דאָס פּוילישע פאָלק רעדט נאָך עפּעס וועגן ציען פון יידן... זייף. וועגן די טראַנספּאָרטן יידן קיין טרעבלינקע, בעלזשעץ אָדער סאָביבאָר, פלעגן די פּאָליאַקן זיך אויסדרוקן: „אַוועק אויף זייף". אַז די אינטואיציע זייערע איז געווען אַ ריכטיקע, באַווייזט די אַנטדעקונג פון דעם זייף ־ פאַבריקל פון פּראָפעסאָר שפּאַנער אין ווזשעשטש. פאַראַן עדות וואָס זאָגן, אַז בעת דעם ברענען די מתים אויף רושטן, פלעגט מען אונטערשטעלן בעקנס אונטער דעם אַראָפּרינענדיקן פעטס. פעסטגעשטעלט איז עס נישט געוואָרן. אויב זיי האָבן דאָס פונדעסטוועגן אין טרעבלינקע צי אין אַנדערע מתים־באַטריבן נישט געמכט, די דייטשן, צעפּטרט אָן אַ יעדן נוצן אַזויפיל ווערטפולע טאָנען פעטס, איז עס אַ רפירושער פאַרזען, אַ מיספאַרשטענדעניש. זיי האָבן דאָס געקאָנט מאַכן. עס איז געלעגן אויף דער ליניע פון זייערע טענדענצן. שולדיג איז אין דעם בלויז די נייקייט פון גאַנצן פּראָדוקציע־צווייג. ביי אַ פרישן דייטשן „דרייוו" אין אייראָפּע וואָלטן זיי שוין מסתמא אַזאַ באַדויערנסווערטן פעלער נישט געמאַכט.

די מענער טוען זיך אויס אינדרויסן פארן באַראַק. ביי זיי ווערן די האָר נישט אַראָפּגענומען. מ׳שטיינס געזאָגט כדאי די טירחה! טאָמער האָבן דאָרט אַ פּאָר הונדערט אָדער טויזנט עקסטרא־יידן „קינסטלערישע" לאַנגע טשופּרינעס! עפּעס אַ ביסל צעדרייטע פּאָעטן אָדער פּראָפעסאָרן. עס לוינט נישט! דערפאַר האָט מען פון מענער אָן אַנדערן נוץ. נאַקעטערהייט שוין טרייבט מען זיי אַראָפּטראָגן אין גאַלאָפּ די מלבושים אויף אַ באַזונדערן זאַמל־פּלאַץ. דאָ אויפן אויסטו־פּלאַץ טאָר נישט בלייבן קיין סימן. איין שיכט דאַרף זיך נישט מישן מיט דער צווייטער. אויך די אָנגעקומענע וואַגאָנען און די ראַמפּע מוזן ווערן אין אַ בליץ־שנעלן טעמפּאָ אָפּגערייניקט פון די מתים. פון די רוקזעק און פעק, פון די עקסקרעמענטן. די וואַגאָנען מוזן צוריקפאָרן נאָך נייעם „רוישטאָף" ריין און שיין. ווען די נייע שיכט קומט אָן, דאַרף זי נישט טרעפן גאָרנישט „פאַרדעכטיקס", צי דאָס האָט נאָך עפּעס אַ ממשותדיקע באַדייטונג, צי נישט. דער פּרינציפּ בלייבט פּרינציפּ. באַרימטע דייטשע פּינקטלעכקייט.

די דרײַ סאָרטן ײדישע באַדינער, מיט די רויטע, בלאָע און ראָזע אָפּצײכנס זײַנען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אָפּהיטן דעם פּרינציפּ אין די וואַגאָנען, אויף דער ראַמפּע און דאָרט, וווּ מען טוט זיך אויס.

אַרבעטס־טײלונג, אָרגאַניזאַציע.

# דער הימל־וועג

די אַרבעט גייט אויפן לויפבאַנד, געשיקט, שנעל.
אויסגעטאָן נאַקעט, רעווידירט, אָפּגעשוירן — הײדאַ ווייטער!
— לאָס!!!

עס עפנט זיך אַ טירל אין דעם צווייטן עק פון אייכטו־פּלאַץ און די מחנה ווערט אַרויסגעשטויסן אויף דעם וועג, וואָס שלענגלט זיך אַן איינגערעמטער פון צוויי זייטן מיט שטעכיקן דראָט. דער וועג האַלט אַ דריי הונדערט מעטער די לענג. ער פירט דורך אַ גרופּע שיטער צעוואָרפענע נאָדל־ביימער. דורך דעם באַרימטן „זאַגייניק", וועלכן מען האָט דאָ געלאָזט בשעתן אויסהאַקן דאָס שטיק וואַלד און בויען אויף זיין אָרט דעם לאַגער. דער וועג ווערט גערופן „שלויך", באַקרוינט אויך דורך די דייטשן מיטן הומאָרפולן נאָמען „הימעלשטראַסע". דאָס לויפן נאַקעט איבער דעם וועג האָט נישט ווינציקער הומאָרפול געהייסן — „הימלפאַרט".

צום סוף פון דעם הימל־וועג, דורך וועלכן ייִדן זיינען אָנגעקומען גלייך אויף יענער וועלט, האָט זיך געפונען אַ נייע טיר. די טיר אין דעם „באָד־אַנשטאַלט". אַ גראָ־ווייסער בעטאָנענער בנין מיט דער ריכטיקער אינסטאַלאַציע פון אַ „טרעפּפּערל־באָד" אין די אײַנעווייניקסטע קאַבינעס און מיט אַ פּאָר, אָך, ווי זייער פּאַרדעכטיקע קוימענדלעך אין דאַך.

אין די קאַבינעס גייט מען אַריין פון אַ קאָרידאָר, דורך שמאָלע טירלעך, דורך וועלכע עס קאָן זיך דורכשטופּן בלויז איין מענטש. דאָס איז אויסגערעכנט דערויף, אַז מיטן מאָמענט, ווען מענטשן געפינען זיך שוין אינעווייניק, זאָל זיך זיי אַמאָל נישט פאַרגלוסטן

אויסברעכן די טיר, מאַכן אַ פּרווו אַרויסצובאַקומען זיך צוריק. אינעווייניק זיינען די קאַבינעס ביז דער העלפט ווענט אויסגעלייגט מיט ווייסע קאַפל. די פּאָדלאָגע פאַלט באַרג־אָפּ צו דער ברייטער, הערמעטיש פאַרמאַכטער קליאפּע, וואָס עפנט זיך אַנטקעגנאיבער דעם טירל, פונדרויסן דעם בנין. אין סופיט פון די קאַבינעס געפינען זיך ריכטיקע פרישניצן. נישט מער — זיי זיינען נישט פאַרבונדן מיט קיין שום וואַסער־לייטונג. זיי זיינען פאַרבונדן מיט עפּעס אַנדערש...

קאַבינעס זיינען קודם פאראן דריי, אין ערשטן בנין. שפּעטער, ווען דער באַטריב האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר „לעבנספעיק", האָט ער זיך צעוואַקסן. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ צווייטער „באַדאַנשטאַלט" פון דעם זעלבן מין, אַ נאָך גרעסערער און שענערער פון דעם ערשטן, מיט גאַנצע 10 קאַבינעס אינעווייניק.

פוןביידע זייטן הימל־וועג שטייען דייטשע און אוקראַינישע ס. ס.־לייט מיט זייערע הינט. אַ שם דבר איז בפרט דער הונט מיטן נאָמען בארי, וואָס איז דרעסירט אָנצוכאַפּן מענער ביי די געשלעכטס־אָרגאַנען. אויך די ס. ס.־לייט גופא האָבן ביים שלאָגן אַ ספּעציעלע נטיה צו געשלעכטס־אָרגאַנען, קעפּ, ברוסטן, בייכער — צו די ערטער, וואָס טוען צום פיינלעכסטן וויי. קלעפּ פון נאַהייקעס און שטעקנס אויפן נאַקעטן לייב, זעץ פון קאָלבעס, טיילמאָל אויך שטעך פון באַגנעטן, בפרט ביים דעפיניטיוון שטאָפּן אינעווייניק. דעם לעצטן וועג מוזן די יידישע טויט־פאַרמשפּטע דורכמאַכן אין גאַלאָפּ, צווישן ווילדע געשרייען, זלזולים, בזיונות.

דאָס מינדסטע ברעקל דיסטאַנס פאַר דער מיסטעריע טויט. עס איז ווייניק וואָס מען גזלט אַוועק ביי די יידן, דאָס לעבן און אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, מיט די איבערבלייבענישן פון זייער גוף בתוכם. מען גייט זיי נאָך באַרויבן פון לעצטן ביסל מענטשלעכן כבוד, פון לעצטן רעכט אויף מענטשלעכן רעספּעקט.

טאָטאַלער רויב, טאָטאַלער מאָרד, טאָטאַלער כאָס!!!

די גאַנצע „הימלפאַרט״ אין סטיליזירט אַביסל לויט דעם מוס־טער פון די מיטלאַלטערלעכע יידן־העצעס. עס איז אויך אַ סברה, אַז דאָס אָנקומען פאַרדעכעט און פאַרסאַפּעט אין דער גאַז־קאַמער איז אַ סגולה אויף צו איילן די ווירקונג פון גאַז. אויף גיכער לאָזן די נשמה.

„הומאַניטאַר״!?

# דער לעצטער אקט

די „הימלפארט" איז שוין באלד געענדיקט.

די קלעפּ האָגלען פון אַלע זייטן. איבער קעפּ, איבער רוקנס...

און די יידן יאָגן שוין אַליין. די גאַז־קאַמער ווערט דאָס איינ־ציקע באַהעלטעניש, ווו מען קאָן זיך שיצן פאַר די שטעקענעס אויפן נאַקעטן לייב, פאַר דעם בזיון, פאַר דער קעלט אין ווינטער־טעג. און זיי לויפן, שפּרינגען איינע איבער די אַנדערע, אַבי שוין וואָס גיכער צו דערלעבן די מינוט פון טויט. פון גרויסן אויסלייזער טויט.

וועגן די עקזעקוציעס מיט הייס געוועער ביי פייערן האָט דער־ציילט איינער אַן עדות, אַז יידן (מענער) האָבן נישט געקרעכצט, נישט געיאָמערט. זיי האָבן זיך בלויז שרעקלעך — געאיילט. שוין אויפן וועג אַראָפּגעשמיסן פון זיך די מלבושים. די, וואָס פלעגן אין לעבן זיין די ערשטע, האָבן אויך דאָ געוואָלט זיין די ערשטע. ווי־צום גיכסטן פּטור ווערן פון לעבן.

דאָס זעלביקע איז געווען מיט די מענטשן אין טרעבלינקע. שוין רעזיגנירטע, פון אַלע אילוזיעס באַפרייטע. אויב ווער האָט נאָך וועלכע נישט איז געהאַט ביז איצט, זיינען זיי בעת דער „הימלפארט" געוואָרן בטל ומבוטל.

דאָס אָנקומען ביז די גאַז־קאַמערן איז נאָך אָבער אַלץ נישט דער סאַמע לעצטער אקט. די טויט־שרעק און טויט־פּיין מוזן נאָך די יידן מיטמאַכן אין אַ מוראדיקער ענגשאפט. מען העצט די מחנה שנעל, שנעל און אין אַ דריי מאָל גרעסערער צאָל, וויפל די קאַ־מערן קאָנען אייגנטלעך אַריינעמען. די וואָס זיינען, נישט געקוקט

אויף יעדער איבערפּולונג, אין די קאַמערן נישט אַריין, מוזן שטיין אין דרויסן און — וואַרטן. וואַרטן אויף זייער ריי צום גאַז־טויט.

די פּאַדלאָגע אין דער גאַז־קאַמער איז משופּעדיק און גליטשיק. די ערשטע פאַלן און ווערן זיך שוין קיינמאָל מער נישט אויפהייבן. די ווייטערע פאַלן אויף זיי, איבער זיי, ליגנדיק און שטייענדיק. פּול, פּול, פּול איבער אַלע ברעגעס. מען שטאָפּט אַזוי אָן די מענטשן, אַז איינע שטופּן ארויס די אַנדערע אין דער הויך. טייל עדות גיבן איבער, אַז די מענטשן האָבן אויך אין די קאַמערן געמוזט האַלטן די הענט אין דער הויך, די בייכער איינגעצויגן, כדי עס זאָל מער אַריין. און ווען זיי זיינען שוין געשטאַנען צונויפגעפּרעסט, פלעגט מען נאָך אויף די קעפּ אַריינשליידערן, ווי קלומקעס, די קליינע קינדער.

גאַז איז אַ טייער אַרטיקל און מען דאַרף עס אויסנוצן ווי ס׳געהער צו זיין.

ענדלעך ווערן צוגעקלאַפּט די טירלעך.

די שיכט איז גרייט צום פאַרסמען. דער מאָטאָר, וואָס איז איינגעבויט אין אַ שאָפּע לעבן דעם באָד־אַנשטאַלט, קאָן געלאָזט ווערן אין גאַנג. קודם אַרבעט אַ זויג־פּלומפּ, וואָס מאַכט שיטערער די לופט. דערנאָך ווערט איינגעקניפּט די פאַרבינדונג מיט דעם רעזערוואַר, ווו עס זאַמלט זיך דער פאַרברען־גאַז פון דעם מאָטאָר.

— נאָך אַ פּאָר מינוט — דערציילן די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דעם טייל לאַגער — פלעגט מען הערן פון דעם בנין מוראדיקע קולות. אַ געוואַלד פון מענטשלעכער פּיין, שרעק און פאַרצווייפלונג. אין לעצטן מאָמענט, זעט אויס, ווען די פּאָמפּע האָט אָנגעהויבן אויסזויגן די לופט צום אָטעמען, האָט נישט געקאָנט קיין שום האַלטונג. אַן אויסברוך פון קאָלעקטיוון וואַנזין איז געווען אומפאַרמיידלעך.

דערנאָך, דערנאָך — איז בהדרגה אַלץ געוואָרן שטיל...

אין 25 ביז 45 מינוט אַרום האָט מען שוין געמעגט עפענען פון דער צווייטער זייט די קלאַפּעס און פון די קאַמערן זיינען אַרויסגעפאַלן פאַרטיקע מתים. נאַקעטע קערפּערס, אַמאָל ווייסע, אַמאָל בלאָע און געשוואָלענע. אַלעמאָל פּייכטע, באַדעקטע מיטן

לעצטן נויט־שוויס, איינגעריכטע אין תנופה פון דער לעצטער צואה, פון די מיילער און נעז האָט ביי זיי געראָנען אַ בלוטיקע סלינע.

ווי זאָגט יאנקל וויערניק, וואָס האָט די זאכן צוגעקוקט אָמ־לענגסטן:

— ווען זיי זיינען אַריינגעלאָפן פון איין זייט בניך, האָב איך זיי נאָך געהערט שרייען — ווי ווער עמען — פאַרשידן: „שמע ישראל"! „נידער מיט היטלערן"!, „פרעטש ז'היטלערעם!", „אוי וויי מיר — מאַמע!" אָבער ווען מען האָט געעפנט פון דער צווייטער זייט די קלאַפע, זיינען זיי אלע געלעגן שטיל, אַלע רואיק, אַלע — גלייך...

איצט קומען אונטער די קברנים אין לויף־שריט, כאַפּן און „אַנטלויפן מיט די מתים".

די מתים שטייען טיילמאָל ביים עפענען די קלאַפע, ווי קוקלעס מיט טויטע אויגן... זיי זיינען ס'רוב אַזוי פאַרפלאָכטן מיט די הענט און פיס אינאַנאַנד, אַזוי צונויפגעקלעפּט אין איין מאַסע, אַז מען דאַרף זיך גוט אָנמוטשען, ביז מען שלעפּט אַרויס די ערשטע. די ווייטערע פאַלן שוין דערנאָך אַליין אַראָפּ אויף דער ראמפּע אונטער די קלאַפּעס. די קברנים ווערן געהעצט און געשלאָגן מכות רצח. די אַרבעט דאָ איז די שווערסטע און געפערלעכטע אין גאנצן לאגער. די טרעגער האלטן אויס ס'רוב בלויז עטלעכע טעג. ווען זיי טויגן שוין נישט צו דער ארבעט, ווערן זיי ליקווידירט און אויף זייער אָרט ווערן גענומען פון די טראַנספּאָרטן פרישע.

אויפן וועג צום קבר ווערן נאָך אין גאלאָפּ באַקוקט די מיילער פון די טויטע. די גילדענע און קינסטלעכע ציין ווערן שנעל אַרויס־געצויגן דורך די יידישע „דענטיסטן" און די מתים — קאָפּ צו פיס און פיס צו קאָפּ — אויסגעלייגט אין די גרייטע גריבער. שפּע־טערצו, ווינטער 1943, ווערן זיי גלייך געטראָגן פרישערהייט אויף די שייטערהויפנס. עס טרעפט טיילמאָל, אַז אַ בר־מנן כאַפּט זיך אויף אינמיטן וועג און עס טרעפט, אַז דער אוקראַאינישער ס. ס.־מאַן איז מסכים מיט אַ קויל אים „אויסצוענדיקן".

אויב נישט, מוז אויך אַזוי געטאָן ווערן זיין רעכט.

די קאַמער איז אויסגערייניקט.
די שיכט איז פּאַרטיק, עס קאָן אַריינגעלאָזט ווערן אַ צווייטע שיכט.

# דער לאַזאַרעט

כּדי די טרייב־העצע איבערן הימל־וועג זאָל נישט אָנטרעפן אויף קיין שטערונגען, ווערן די, וואָס זיינען צו שוואַך צום לויפן, באַזייטנס „ליקווידירט" אין דעם פאָדערשטן טייל פון דעם לאַגער, ביים א. ג. „לאַזאַרעט".

דעם וויציקן נאָמען „לאַזאַרעט" טראָגט אַ לאַנגער, שטענדיק אָפענער גרוב פון די גריבער, אין וועלכע מען וואַרפט אַריין די גרייטע מתים, געשטאָרבענע אין די טראַנספּאָרטן. אין די זעלביקע גריבער שיט מען אויך דאָס מיסט און דעם אָפּפאַל פון די באַראַקן און אַלץ צוזאַמען ווערט דאָרט אין גרוב כּסדר געברענט. שוין אין די ערשטע חדשים פון טרעבלינקער פּראָדוקציע. דאָס איז דער שייטער ־ הויפן פון דעם לאַגער. דאָס שטענדיקע פייער. אַהער פירט מען שיסן אויף די קראַנק געוואָרענע, אָדער צוליב עפּעס אַ „חטא", צי אָן אַ חטא, ביי דער אַרבעט, אָדער ביים אַפּעל אויס־סעלעקציאָנירטע אַרבעטער. „דו קומסט אינס לאַזאַרעט" הייסט אויף לאַגער־לשון „דו ווערסט דערשאָסן". (אין דער לעמבערגער מתים־בריגאַדע האָט אַן ענלעכע אינסטיטוציע געהייסן „קראַנקען־האַוז") *), כּדי דער שפּאַס זאָל אָבער ווי געהעריק ווערן אונטערגע־שטראָכן, האָט טרעבלינקע צוגעטראַכט עפּעס אָריגינעלס. אַזוי ווי אין לאַזאַרעט דאַרף זיין אַ דאָקטער, דרייט זיך דאָ אַרום אַ פיגור מיט אַ רויטן־קרייץ־בענדל אויפן אָרעם. זיין פונקציע באַשטייט

---

*) פאַרגל. Leon Wieliczkier „Brygada Śmierci" Wydawnictwa Centralnej Żydowskiej Komisji Historycznej przy Centralnym Komitecie Żydów Polskich, Łódź 1946.

אין צופירן די זקנים און קראנקע צו דעם גרוב, אַוועקזעצן זיי מיטן פנים צום פייער און ווען זיי באַקומען פון הינטן דעם שאָס אין קאַרק, אַכטונג געבן, זיי זאָלן ווי ס׳געהער צו זיין אַריינפאַלן אין גרוב. פאַרן אַרויספירן צו דער אייגנטלעכער „מעדיצינישער באַהאַנדלונג", אַדאַנק וועלכער זיי ווערן איינמאָל פאַר אלעמאָל דורך אַן אוניווערסאַל הייל־מיטל באַפרייט פון אַלע כראָנישע און אומכראָנישע מיחושים, גייען נאָך די קראַנקע אַדורך אַן אויפנעם־צימער אין אַ ספעציעל צו דעם ציל איינגעאָרדנטן בײדל. פון דרויסן פלאָטערט אויפן ביידל אַ פענדל פון רויטן־קרייץ. אינעווייניק גע־פינט זיך אַ פאַסיקע אויסשטאַטונג, סאָפקעס באַשלאָגענע מיט רויטן פליוש, אַן אַמבולאַטאָריע־פענצטערל. דאָ טוען זיך די קראַנקע אויס. .

אויך קינדער ווערן אַסך מאָל ליקווידירט אין לאזארעט. אַזעל־כע פיצלעך, וואָס קאָנען נאָך אַליין נישט לויפן. קינדער פארשלעפ־טע קיין טרעבלינקע אָן מאַמעס, עס זאָל זיי האָבן ווער אויסצוטאָן און פירן ביי דער האַנט, בשעת דער „הימלפאַרט". אויך קינדער פון מאַמעס, וואָס האָבן פארגומען די הענט מיט עטלעכע קינדער און קאָנען זיך נישט מיט זיי קיין עצה געבן. אַוועקגענומענע פון זיי לשם אויסמיידן די מכשולים ביים לויפן „אין באָד אַריין". אַלע קינדער־אָפשפריצן פון דעם מין ווערן דערליידיקט ביים לאַזאַרעט. אויב דער „דערליידיקער" איז אַ בריה און אַ בעל־רחמים, נעמט ער אַזאַ קינד ביי די פיסלעך, צעקנאַקט אים דאָס קעפל אין דער וואַנט פון דעם לאזארעט־ביידל און וואַרפט עס ערשט דערנאָך אַריין אין ברענענדיקן גרוב. אויב נישט –– שליידערט ער עס אַריין אַ לעבעדיקס, אָן שום שהיות. ביי קינדער איז נישט פאראַן קיין סכנה זיי זאָלן זיך פרווון אַרויסבאַקומען פון גרוב און מען זאָל נאָכאַמאָל דארפן האָבן אַ געשעפט מיט זיי. דעריבער ווערן זיי אין טרעבלינקע, פונקט ווי אין אנדערע ערטער, סיי אין פייער, סיי אין געווינלעכע קברים, אין אַסך פאַלן אַריינגעוואָרפן לעבעדיק. ראשית איז גלאַט אַ יושר שפאָרן קוילן אָדער גאַז, דאָרטן ווו מען קאָן זיך

אָן דעם באַגיין. צווייטנס איז אַ סברה, אַז למשל פון אַ קויל און פון גאַז שטאַרבן קינדער נישט אַזוי לייכט און שנעל, ווי דערוואַקסענע. דאָקטוירים האָבן זיך שוין וועגן דעם פענאָמען פאַרטראַכט, דערגאַנגען צו דער מסקנה, אַז די סיבה דערפון איז דער בעסערער בלוט־לויף ביי קינדער ווי ביי דערוואַקסענע, די ביי קינדער נאָך נישט פאַרקאַלכטע אָדערן. .

# דיגרעסיע: פאַרניכטונגס־וויסנשאַפט

אגב, ווערן אין טרעבלינקע, פּינקט ווי אין אנדערע ענלעכע ערטער, געמאַכט נאָך ווייטערע פארניכטונגס־וויסנשאַפטלעכע אַנט־פּלעקונגען. למשל, אַזאַ באמת אָריגינעלע אַנטדעקונג, ווי די, אַז פרויען ברענען בעסער ווי מענער.

„מענער אָן פרויען ווילן נישט ברענען".

דאָס איז נישט קיין געשמאַקלאָזער וויץ, אַ צוויי־דייטיקער וואָרט־שפּיל אויף אַ מאַקאַברישער טעמע. דאָס איז פּשוט אַן אויטענטישער ציטאַט פון די געשפּרעכן, וואָס פלעגן געפירט ווערן אין טרעבלינקע. די פעסטשטעלונג פון אַ פאַקט.

די סיבה איז לייכט צו דערגיין. ביי פרויען איז מער אנטוויקלט די פעטס־שיכט אונטער דער הויט. צוליב דעם טאַקע ווערן פרויען גענומען צום אונטערהייצן, אָדער בעסער געזאָגט צום פונאַנדער־ברענען די הויפּנס מתים.

עלעהיי מען נוצט שטיינקוילן צום פונאַנדערברענען קאָקס...
אויך בלוט איז אַן ערשטקלאַסיקער ברען־מאַטעריאַל.
אַן אַנדערע עמפּירישע רעוועלאַציע פון דעם געביט:

יונגע מתים ווערן גיכער אַ תּל פון עלטערע. וויכער דאָס פליייש — קלאָר. עס איז דער זעלבער חילוק, ווי צווישן קאַלבס־פליייש און רינדפליייש. אָבער דאָס באַוווסט־ווערן פון דעם פאַקט האָט מען צו פאַרדאַנקען דער דייטשער מתים־אינדוסטריע.

עס האָט געגנוג געדויערט, ביז עס האָט זיך אויסגעאַרבעט סיי די טעכניק, סיי די טערמינאָלאָגיע פון דעם נייעם פּראָדוקציע־צווייג. ביז עס האָבן זיך אויסגעבילדעט די געניטע ספּעציאַליסטן פון דער

מענטשן — און דערנאָך פון דער מתים־פאַרניכטונג. אין אַ טרעב־לינקער פּראָטאָקאָל איז פאראן אן אויסדרוק „דאָס ברענען די מתים האָט אָנגענומען דעם געהעריקן אימפּעט, ווען עס איז אַראָפּגעקומען אַן אינסטרוקטאָר פון אָשוויענטשים". די ספּעציאַליסטן פון דעם נייעם פאַך האָבן גענומען זייער אַרבעט זאַכלעך, פּראַקטיש, גע־אַרבעט געטריי. דעם ברען־אינסטרוקטאָר אין טרעבלינקע האָבן יידן גערופן „טאַדעללאָס", ווייל דאָס וואָרט „טאַדעללאָס" איז געווען זיין „וואָלשפּרוך". „גאָט זיי דאַנק, נון ברענט עס טאַדעללאָס" — פלעגט ער זאָגן, ווען עס האָט זיך שוין איינגעגעבן מיט דער הילף פון פעטערע פרויען און נאַפט־ראָפּע פונאַנדערצופלאַקערן דעם מתים־הויפן. אויף די לעמבערגער זאַמד־בערג האָט די יידישע מתים־בריגאַדע געקאָנט באַקומען ביי אַזאַ געלעגנהייט פון קאָמענ־דאַנט אַ פעסל ביר. יענעמס „וואָלשפּרוך" איז געווען „נור אַנשטענ־דיק אונד זויבער". די מתים האָט מען אומעטום גערופן „פיגורן" און דאָס כאַראַקטעריסטישע איז, וואָס נישט נאָר די שוין טויטע יידן רופט מען מיט אָט דעם פאַרשטעלטן נאָמען. אויך די יידן, וואָס האָבן נאָך געלעבט, האָט מען אין אַסך לאַגערן אַזוי גערופן. געזען אין זיי באַצייטנס מתים, וואָס טוען נאָך דערווייל, לויטן דייטשן רצון, אויספירן געוויסע פונקציעס. דערנאָך וועלן זיי זיך אויך אויף באַפעל אויסטאָן נאַקעט, באַקומען זייער קויל, אָדער די פּאָרציע גאַז און וועלן זיך אַוועקלייגן באַגלייך מיט אַנדערע „פי־גורן"...

ווי מאָדנע, ווי משונהדיק איז די דייטשע נייע ווירקלעכקייט! און מען דאַרף סך־הכל נישט מער, ווי אַבסטראַהירן פון געוויסע פסיכישע רעפלעקסן — אין דעם דאָזיקן דייטשן „יענזייטס" פון דראָטן און פון געוויינלעכע מענטשלעכע געפילן. ניטשעס „יענזייטס דעם גוטן און בעזן", ענדלעך איז עס מקוים געוואָרן. די דייטשע פאַרניכטונגס־אינדוסטריע האָט טאַקע אַזוי אַרום אין משך פון די פאָר יאָר מלחמה אַדורכגעמאַכט אַ באמת אימפּאָנירנדיקע אַנט־וויקלונג.

די באַזונדערע פאַרניכטונגס־באַזן פירן דורך אַן אויסטויש פון דערפאַרונגען. עס ווערט געזאָרגט פאַרן כסדרדיקן ראַציאָנאַליזירן און פאַראײנהײטלעכן די מעטאָדן פון דער אַרבעט.

אַחוץ דעם טעאָרעטישן באַקענען זיך מיט די אַלגעמײנע טעראָר־און דעסטרוקציע־פּרינציפּן, מאַכן ס. ס.־לײט דורך קודם כל פּראַקטישע קורסן פון בעסטיאַלישקײט אין די פאַרשידענע „זאָנדערקאָמאַנדאָס". אַזעלכע באַרימטע אײנהײטן ווי דער „אײנזאַץ רײנהאַרדט" אין צענטראַל־פּוילן, אָדער „ראָלקאָמאַנדאַ" אין גאַליציע, מיט זײערע ערשטקלאַסיקע ספּעציאַליסטן אין הלכות דורכפירן „אַקציעס", „ליקווידאַציעס", עקזעקוציעס מיט הײס געווער און אין הלכות אײנאָרדענען טויטן־לאַגערן — זאָרגן אויך פאַר נאָכוווקס, פאַר דער שולונג פון נײַע קאַדרען.

דער צווײַג פון מתים־פאַרברענונג בליט אויף נאָך דער מפּלה אונטער סטאַלינגראַד. זינט פעברואַר 1943, זינט מען הײבט זיך שוין באַצײַטנס אָן גרײטן צו מוזן אַמאָל פאַרלאָזן די פאַרנומענע געביטן פון מזרח־אײראָפּע — די געבעלסישע „פּויסט־פּפענדער"— און מען וויל דאָ פאַרווישן די שפּורן פון די מאַסן־מאָרדן. דער דאָזיקער נײַער צווײַג, אַ דיריגירטער פון בערלין, אַן אינאַוגורירטער אין אַלע וויכטיקערע ערטער, מיט באַדײַטנדיקערע מאַסן־קברים, דורך אַ פּערזענלעכן וויזיט פון הימלערן, ווירקט אויס זײַן מאָדיפיצירנדיקע השפּעה אויף די עקזעקוציע־מעטאָדן, בײַ דער ליקווידאַציע פון די רעשטלעך יידן אין די אָקופּאַציע־געביטן. די יידן ווערן שוין איצט אין ערגעץ נישט באַגראָבן אין קײן קברים, אויך נישט געשאָסן אין, אָדער איבער, אָפענע גריבער. כדי מען זאָל נישט דאַרפן טאַסקען די מתים, טאָן צווײ מאָל די זעלבע אַרבעט, ווערן איצט יידן געשאָסן האַרט בײַ די ברענענדיקע שײַטער־הויפנס, אויסגעדרײט מיטן פּנים צום פײַער. דער געשאָסענער באַקומט אַ בריק אין הינטן, כדי ער זאָל נישט פאַלן נאַזנדיק, נאָר פאַר זיך — אין פײַער אַרײַן. גרעסערע גרופּן שיסט מען אויך נישט ווײַט פון פײַער און די באַדינונג וואַרפט זײ דאַן אַרײַן אויף אַ ספּעציעלן אופן.

אויך געגאַזעוועט ווערט מען אין די נייסטע אַנשטאַלטן, אַלא אָשוויענטשים, אַ שריט פון דער קרעמאַטאָריע. דאָס גיין אויף טויט הייסט שוין איצט נישט „גיין אויף גאז” אָדער „אין קאמער אריין”, נאָר „גיין אין קוימען אריין”. אין טרעבלינקע, ווו קיין קרעמאטאָריע איז נישטאָ, נאָר ריזיקע אָפענע ברען־אויוונס, פאַרגראָבט מען שוין אויך נישט קיינעם אין דער צייט. יעדער וואָס גייט אין קאמער אַריין, זעט באַצייטנס די פלאמען, וואָס ווען אים דעם זעלבן טאָג פאַרצוקן.

# פסיכאָלאָגישע דיגרעסיע

אַ פאָר יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דערשינען — אויב כ׳האָב קיין טעות נישט אין 2 בענדער — אַן אויספירלעכע „זיטענגעשיכטע דעס קריגעס״, באַאַרבעט דורך דעם ייִדיש־דייטשן פסיכיאַטער, דעם סעקסאָלאָג מאַגנוס הירשפעלד. אַ גרויסן פּלאַץ האָט אין דעם ווערק פאַרנומען דער אַנאַליז פון די מלחמה־רציחות. אַגב ס׳רוב דייטשע רציחות.

עס וואָלט געווען זייער כדאי, אַז מיט געוויסע דערשיינונגען פון דער לעצטער מלחמה זאָלן זיך אויך אָנהויבן פאַרנעמען דייטשע פאָרשער. זיי שטייען נענטער צום פאָרשונגס־אָביעקט און זיי וועט אפשר לייכטער אָנקומען אויפצוקלערן די פסיכאָלאָגישע און פסיכאָ־סאָציאַלע מעכאַניזמען פון די דייטשע מאַסן־פאַרברעכנס. מיר קאָנען מער שטעלן פראַגן אײדער זיי פאַרענטפערן. נאַטירן פאַקטן.

— סך־הכל אַ 30 ביז אַ 40 ס. ס.־לייט דייטשע זיינען פאַראַן אין טרעבלינקע, דערצו אַן ערך 200 ביז 300 אוקראַינישע וואַכלייט און דאָס איז אַלץ. די גאַנצע הענקער־באַדינונג פון דעם מאָטאָריזירטן אויטאָמאַטישן מאָרד־באַטריב, וואָס פאָדערט נישט קיין סך מענטשן צו זיין אויסגיביקן פונקציאָנירן.

וואָס פאַראַ מענטשן זיינען דאָס?

ווי — קאָנען זיי?!

אַ פאַקט: דער אָנבליק פון דער מוראַדיקער עלעמענטאַר־קאַטאַסטראָפע, דאָס בילד פון דער דערשיטערנדיקסטער מאַסן־טראַגעדיע, אויף וועלכער עס האָט ווען נישט איז געקוקט אַ מענטשלעך אויג, מאַכט אויף די דייטשן, וואָס זיינען דאָ „באַשעפטיקט״ אַ

קנאַפּן איינדרוק. די תהומות פון מענטשלעכע לײדן, וואָס עפענען זיך דאָ יעדע רגע, די זיבנפאַכיק טרויעריקסטע משפּחה־סצענעס, וואָס שפּילן זיך דאָ אָפּ אויף טריט און שריט, דערוועקן נישט ביי זיי קיין רעזאָנאַנס, לייגן זיך נישט מיט קיין אָפּדרוק אויף דער נשמה זייערער. דער פּשוטער, עלעמענטאַרער רחמנות־רעפלעקס זעט אויס צו זיין ביי זיי אינגאַנצן אַטראָפירט. זייערע נערוון האַלטן גלענצנד אויס דאָס סאַמע שרעקלעכסטע.

און זיי זיינען דאָך נישט נאָר בלויז פּאַסיווע צושויער פון אָט דעם טרויער־שפּיל...

זיי איז דאָס אומגליק נישט נוגע און דאָס איז גענוג אויף צו געבן זיי אַ גלענצנדיק זעלבסטגעפיל. דווקא אין אָנבליק פון אָט דעם אָפּגרונט פון מענטשלעכער ירידה, אין וועלכן זיי זעען זינקען מחנות יידן, פילן זיי זיך אומענדלעך הערלעך און דערהויבן.

מיט דעם וואָרט סאַדיסטן אָדער אויסוורפן, דעגענעראַטן און פאַרברעכער, ווערט דאָ קיין סך נישט אויפגעקלערט. אמת, דאָס פאַרברעכערישע איז דורך דעם „סיסטעם" גאָר ברייט געוואָרן אויסגענוצט. די משונהדיקסטע אַנטיסאָציאַלע לײדנשאַפטן פון אונ־טערוועלט־פאַרשוינען, פון כלערליי פּאַקטישע און פּאָטענציעלע קרימינאַליסטן, ווערן איינגעשפּאַנט אַלס טרייב־כוח פון דעם רע־זשים. ממש ווי וואַסער־קראַפט ווערט איינגעשפּאַנט צום טרייבן טורבינעס. אַ „שטאַאַטסוויכטיקער" און „קריגסוויכטיקער" קוואַל פון פאַרניכטונגס־ענערגיע. אַ נאַציאָנאַלער אוצר פון שלעכטס.

אין רוב לאַגערן און תפיסות פון די אָקופּירטע לענדער זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן דייטשע קרימינעלע פאַרברעכער, וועלכע זיינען דאָ געוואָרן אָנגעשטעלט אַלס „קאַפּאָס", „שטוב עלטסטע" א. ד. גל. מיט דער אויפגאַבע צו טעראָריזירן די אסירים, וואָס האָבן זיך רעקרוטירט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. מען האָט זיי געגעבן אין דער ריכטונג „פרייע הענט" און מען האָט זיי נישט געדאַרפט קיין סך צוגעבן חשק צו דער דאָזיקער פונקציע... דער חשק מיט די איינפאַלן זיינען שוין געקומען איניינעם מיט דער מאַכט

און פון אייגענעם ברען. נאָך ווייט איבערשטיגן די געפּאָדערטע „נאָרם" פון מאָרד און רציחה.

נישט איבעריק שווער איז אויך אַנגעקומען דאָס פאַרוואַנדלען אין אַ ווערקצייג פון טעראָר די דייטשע „פּאָליטישע פאַרברעכער", וואָס האָבן אין אַסך פאַלן, קודם פון פחדנות און דערנאָך פון דער־וועקטער תאווה צו סאדיזם און מאכט, באַגלייך מיט די פּראָפעסיאָ־נעלע פאַרברעכער געטאָן דאָס ווערק פון שפּיאָנירן, פּייניקן און טעראָריזירן די „נישט־דייטשן" אין די תפיסות און לאַגערן. פאַר־שטייט זיך, אַז די הויפּט־קרבנות פון איעדן מין רציחה זיינען אין אַלע ערטער געווען ייִדן.

אויך דער אָרטיקער אונטערוועלט־עלעמענט איז אין די אָקו־פּירטע לענדער אומעטום אַרויפגעשווומען פון אויבן און געוואָרן דער סאמע וויכטיקסטער „קאָלאַבאָראַציאָניסט" פון דער דייטשער „נייער אָרדנונג". דער אַגענט, דער מסור, דער שפּיאָן — דאָס ווערקצייג פון טעראָר, די פאַלקע איבערן קאָפּ פון דער באַפעל־קערונג. אַפילו ביי אונז ייִדן איז דער אלפאָנס און קרימינעלער פאַרברעכער שמעיה גרייער אין דער ראָל פון דעם ייִדישן דיקטאַ־טאָר, העגקער און ליקווידאַטאָר פון לובלינער געטאָ — נישט קיין אָפּגעזונדערטע דערשיינונג. כמעט יעדעס געטאָ, יעדער לאַגער, יעדע ייִדישע ארבעטס־בריגאַדע האָט געהאַט איר גרעסערן אָדער קלענערן שמעיה גרייער. אַפילו ביי אונז האָבן די דייטשן פאַרשטאַ־נען צו מאָביליזירן די אונטערוועלט, וואָס האָט אין דער וויסטער מאָרד־און גזילה־אָרגיע ענדלעך געפונען אַ געלעגנהייט זיך איינ־מאָל פאַר אַלעמאָל אָפּצורעכענען מיטן „יאָלד"; אויסלאָדן איר גאַנ־צע קנאה ושנאה צום אינטעליגענט, צום סאָציאַל־פּראָדוקטיוון, סאָ־ציאַל־געזיכערטן מין מענטש. פּרוּוון אויף זיין השבון דער־האַלטן זיך ביים לעבן.

אָבער נישט די פּראָפעסיאָנעלע פאַרברעכער, נישט די געבוי־רענע אָדער געוואָרענע סאדיסטן, וואָס האָבן אין אזא אָדער אַנדערער ראָל, געווילדעוועט דער עיקר אין די תפיסות און קאָנצענטראַציע־

לאַגערן — זיינען דאָס גרויסע פּסיכאָלאָגישע און פּסיכאָסאָציאַלע פּראָבלעם פון די גרעסטע היטלעריסטישע מאַסן־פאַרברעכנס: פון זייערע טויטן־לאַגערן און מאַסן־עקזעקוציעס. דאָס פּראָבלעם, זיינען דווקא די געוויינלעכע, פשוטע, נאָרמאַלע דייטשן, וואָס האָבן מיט דער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט און רואיקער געלאסנקייט פון אַנ־שטענדיקע מלוכה־פונקציאָנאַרן אָפּגעטאָן דאָס סאַמע שווידערלעכס־טע, וואָס איז ווען נישט איז געטאָן געוואָרן אויף דער וועלט.

זייער אַנטייל אין די מאַסן־מאָרדן איז לויט פּראָצענט דער סאַמע גרעסטער!

אָן ליידנשאַפט, אָן טראַנס, קאַלטבלוטיק. און דווקא דערפאַר אזוי געפערלעך. דווקא דערפאַר אזוי — אומפאַרשטענדלעך.

מיר לייענען און מיר הערן, וואָס אָט די „נאָרמאַלע דייטשן" פלעגן אָפּאַרבעטן און מיר טראַכטן: אפשר זיינען פאָרט גערעכט די ראַסיסטן זייערע? אפשר זיינען דייטשן באמת מענטשן פון אנדער בלוט און פלייש, פון אַן אַנדערער ראַסע?

קלאָר, אז די פזמונות פון די ראָזענבערגישע טעאָריעס און די גלאַטיקע פראַזן פון דער געבעלס־פּראָפּאַגאַנדע האָבן אַזא איבער־קערעניש אין דער מענטשלעכער נאַטור נישט געקאָנט אָנאַרבעטן. זייערע לאָזונגען וועגן דער „מיסיע פון דייטשן גייסט" אין פון אלץ אַנדערע, וואָס דייטש איז, זיינען געווען בלויז אַ זייער דירכזיכטיק גוינער־לשון, אין וועלכן יעדער דייטש האָט אַריינגעלייגט גאָר אַן אַנדערן פשט, און אַ גאַנץ פשוטן. די לאָזונגען אַפּעלירן צילבאַוווסט און כיטרע, נישט צו קיין שום אידעאַליזם, נאָר צו רויב־גיר, צו נאַ־ציאָנאַלן און פּערזענלעכן עגאָיזם, צו נאַציאָנאַלער און פּערזענלע־כער מעגאַלאָמאַניע. און אויך דאָס זיינען עלעמענטאַר־געפילן.

פּונקט ווי אין געזעלשאַפטלעך־קאָלעקטיוון אָרגאַניזם שטיצט דער היטלעריזם זיין מאַכט אויפן נידערטרעכטיקסטן און ערגסטן עלע־מענט, אַזוי שטיצט ער אויך אין יחיד זיין השפּעה אויף זיינע נידע־ריקסטע אינסטינקטן, אויף די נידעריקסטע אימפּולסן זיינע.

דאָס פאַרשקלאָפן דעם דייטשן יחיד צו דעם רעזשים פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט, דאָס געבן אים אין די אָקופּירטע

לענדער אומבאַגרענעצטע מאַכט איבער גאַנצע באַפעלקערונגס־גרופן, איבער טויט און לעבן פון טויזנטער, פון צענדליקער און הונדערטער טויזנטער קרבנות — שאַפט אַ ספּעציעלע פּסיכאָסאָציאַלע קאָניונקטור. און דאָס האָט געקלעקט. די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע פון גרענעצלאָזן נאַציאָנאַלן עגאָיזם און מעגאַלאָמאַניע, די דערציונג צו סאַטאַניזם אָדער אַלנפאַלס צום פּחדנישן אויספירן די געמיינסטע און פאַרברעכערישסטע באַפעלן, האָט כמעט ביי קיין שום דייטש נישט פאַרפעלט איר ווירקונג.

זעט אויס, אַז וואָס מער מען הרגעט, אַלץ מער ווילט זיך אַליין בלייבן לעבן. אַלץ חשובער ווערט דאָס אייגענע געמיינע ביסל חיות.

נישטאָ אין טרעבלינקע קיין באַנאַלערע זאַך ווי טויט. אָבער נישט דער טויט פון זיי, די הענקער — אָ, ניין! זיי ציטערן דאָ איבער זייער לעבן מער, ווי ווו נישט איז. דער גאַנצער ברען זייערער צו דער „אַרבעט" נעמט זיך אין אַ גרויסער מאָס דערפון, וואָס אַדאַנק דעם אָנקומען אין „זאָנדערקאָמאַנדאָ טרעבלינקי" דרייען זיך ס. ס.־לייט אַרויס פון גיין אויפן פראָנט. דאָס איז דער עיקר. אָבער אָנקומען אין דער קאָמאַנדע איז נאָך נישט אַלץ. מען דאַרף אַרויסווייזן, אַז מען איז ראוי צו זיין אין אַזאַ קאָמאַנדע. אויב מען וועט זיך אַרויסווייזן פאַר עקסטראַ טיכטיק און באַגאַבט אין דער פאַרניכטונגס־בראַנזשע, וועט מען דאָ ווייטער בלייבן, אַוואַנסירן. דאָס איז אַ שאַנס און וועגן דער שאַנס קאָנקורירן צווישן זיך ס.־ס.־לייט, ליציטירן זיך איינער מיטן אַנדערן אין בעסטיאַלישקייט.

שרעק איז פון די מעכטיקסטע און אַממיינסטן דעפּראַווירנדיקע אינסטינקטן. אויך אויף שרעק אָדער קודם כל אויף שרעק שטיצט דער היטלעריזם זיין מאַכט איבערן דייטשן פאָלק. און אויך אַלס אַרכיטעקטאָניק, אַלס היעראַרכיע פון שרעק קאָן מען באַטראַכטן דעם דאָזיקן סיסטעם.

בלויז וועגן איין פאַל האָב איך געהערט, צווישן אַזאַ ים פאַלן פון גרענעצלאָזער ברוטאַליטעט, סאַדיזם, ציניזם — אַ דייטש פון טרעבלינקע זאָל זיך האָבן אויסגעדריקט, אַז ער וויל ליבער

גיין אויפן פראָנט, אידער צוקוקן, וואָס דאָ קומט פאָר. דאָס איז אָבער מסתמא געווען אין אָנהייב פון זיין קאַריערע. אין אַ וואָך אַרום האָט ער שוין געקאָנט געהערן צו די ערגסטע צווישן שלעכטע. איך ווייס וועגן אַזאַ מעטאַמאָרפאָזע פון איינעם אַ פּאַסטאָר, אויך פון אַ לערער. עס האָבן נישט געפעלט קיין פאָרשטייער פון דייטשן אַדל (באַראָן פאָן אויפען אין טרעבלינקע *) אויך פון וויסנשאַפט, פון מעדיצין (אין אנדערע לאַגערן). זיי האָבן אלע אין גאָר אַ שנעלן טעמפּאָ שלום געמאַכט מיט דער „נייער דייטשערווירקלעכקייט" און האָבן זיך אין איר גאַנץ נישקשהדיק געפילט.

וואָלטן זיי כאָטש אַלע געווען איבערצייגטע אַנטיסעמיטן, היטלעריסטן, דעמאָנען, מערדער. נייז! אַפילו דאָס טיירולאָנישע איז דאָ זייער טריוויאַל און קליינלעך. דאָס דעמאָנישע און מאקאברישע ווערט צעביטן אויף טאָג - טעגלעך קליינגעלט. די גרעסטע הרפה פאַרן דייטשן פאָלק איז די, וואָס זיי האָבן געריכטעט אומשולדיקע, ווערלאָזע מענטשן, געהרגעט מענער און פרויען, זקנים און קראַנקע, פּיצלעך קינדער בגעוואלד אַרויסגעריסענע פון דער מאמעס אָרעמס — אין סאמע רוב פאלן צוליב קליינע און קליינלעכסטע מאָטיוון. פּחדניש און געמיין ביז גאָר — קליינע, אָנגעדרייטע שרייפעלעך פון אַ קאָלאָסאַלער פאַרברעכערישער מאַשין.

און מיר זיינען געווען דער אָביעקט. אויג אויף אויג מיטן וואַגזיניקן און טעמפּן, פלאכן און נידערטרעכטיקן טיירול. מאַכט־לאָז און אַנטוואָפנט. הפקר, איינזאַם, געליפערט. מיט געבונדענע הענט און פיס און מיט אַ פּאַראַליזירטער נשמה.

---

*) דער קאָמענדאנט פון שטראָף־לאַגער טרעבלינקע 1 פאָן אויפען א שטאַרק באַקאַנטע אינדיווידואליטעט צווישן די לאַגער־תּלינים. טייל עדות גיבן איבער אז ער איז געווען א באַראָן אַזוי א שריפטשטעלער דערצו. אנדערע גיבן אָן אַז ער איז געווען א אַדוואָקאַט. זיכער איז אז ער האָט זיך אויסגעצייכנט אסך מיט פאַנ־טאַזיע און טאַדיסטישער אינוווענץ. ער האָט זיך געהאלטן אין לאַגער שיינע רייט־פערד און היינט און צו די געווינלעכסטע שפּילערייען ויינע זאָל האָבן געהערט דאָס אַרויפרייטן אויף אַ מענטש און צעטרעטן אים אונטער די קאָפּיטעס פון פערד.

# דייטשע אידיליע

שטענדיק שטראָם, שטענדיק ריסטיק, לעבנסלוסטיק, פרישׂ. אַזוי זייַנען די דייטשן אין טרעבלינקע.

„אַן אינסטינקט־פרישע, יונגע נאַציע, ביאָלאָגיש טיכטיק״ — האָט דאָס געהייסן אין זייער לשון.

כדי אַ ביסעלע צו באַפאַרבן די מאָנאָטאָנישקייט פון דער מערדער־מלאכה אינסטאַלירן דאָ די דייטשן, לויט די אָנגענומענע מוסטערן פון אַנדערע לאַגערן, אַ יידישן אָרקעסטער מיטן דאָפּלטן ציל: ערשטנס, צו פאַרהילכן ווי ווייט מעגלעך די געשרייען און גע־וויינען פון די צום טויט געיאָגטע מענטשן; צווייטנס, צו פאַרשאַפן מוזיקאַלישן פאַרגעניגן פאַר דער באַדינונג פון דעם לאַגער. צוויי מוזיקאַלישע פעלקער — סיי דייטשן, סיי אוקראַינער! מען דאַרף אויך האָבן אַן אייגענע קאַפּעלע צו די אָפטע פאַרווײַלונגען און פייַ־ערונגען, וואָס ווערן דאָ איינגעאָרדנט. מיט דער צייט ווערט אָרגאַ־ניזירט אַ כאָר, מען פירט שוין אַפילו איין אַמאַטאָרישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען, נאָר דער אויסברוך פון דעם אויפשטאַנד צעשטערט דעם שיינעם קולטור־און קונסט־אַנטוויקלונגס־פּלאַן פון טרעבלינקע.

צווישן דער צום טויט־פאַרמשפּטער „יודען־שייסע״ געפינט מען וואָס נאָר דאָס האַרץ גלוסט. קיינמאָל האָט אַ פעלד־העראיז די אַלטע צייטן נישט געקאָנט דערפרייען זיין האַרץ מיט אַזאַ מין שפע, ווען ער האָט באַזיגט אַ פאָלק. אַן אמתדיק „שלאַראַפענלאַנד״ פון שקלאַפן מיט ספּעציעלע קענטעניישן.

ווייל מען מוזיקער איז מוזיקער, זינגער איז זינגער (אויך יידן זיינען סוף־כל־סוף אַ מוזיקאַליש פאָלק!). אַפילו פּלאַסטיקער קומען

צונויץ — באַצידן די טויעד־סלופּעס און די וואָך־טורעמס מיט סימבאָלישע רעליעפן. טאָמער ווידער דאַרף מען שניידערס, שוס־טערס, רימאַרעס — איין פּיפּס — און מען האָט באַלד וויפיל מען וויל נאָר פון די סאמע בעסטע פאכלייט. בעת די אַקציעס אין די געסאָס האָבן זיי דאָך נאָך צוגעצאָלט דערפאר — די יידן — מען זאָל זיי נוצן צו אומזיסטער שקלאַפן־ארבעט. היינט ערשט דאָ, ווו זייער לייב און לעבן האָט באמת נישט די ווערט אַ פּרוטה, פאַר־גלוסט זיך פון צייט צו צייט אַ דייטשן לאַגער־הער צו ליק־ווידירן דעם צי יענעם פון די פאַכלייט, קלויבט ער זיך אויס פון נאָענטסטן טראַנספּאָרט אַ פרישן. זיינען ווידער, א שטייגער, די טראַנספּאָרטן געוואָרן אַ ביסל זעלטענער, מען האָט געדאַרפט האָבן אָנהייב ווינטער 1943 אַ פּאָר הונדערט ארבעטער צו דער זשווי־ראָוניע אין טרעבלינקע 1 — טוט מען אַ שיק אַריין עטלעכע „יינגלעך" פון דער „זאָנדערקאָמאַנדא" קיין וואַרשע. דעם רעשט חברה און דאָס ביסל קלאַפּערגעציי, וואָס איז נויטיק צו אַ קליינער אַקציע ווערט מען געפונען לאָקאַ. ברענגען זיי צו פירן פרישע זיבן, אַכט טויזנט יידן, עס זאָל זיין פון וועמען אויסצוקלייבן. סיי ווי דאַרף מען ביז ענדע יאָר „אדורכלאָזן" די גאנצע „שייסע" דורך די קאמערן, אַ גרויסע נפקא מינה — פריער צו שפּעטער! די ארבעטער באַדאַרף האָבן הער פאָן אויפּעסן, פּאָרט ער טאַקע מיט מיט דער עקסקורסיע, שטעלט זיך אין שפּיץ. אַזאַ מין „רייד". עלע־היי אַ ווינטער־יאַגד אין אַ לאַנד, וואָס שמט מיט זיין ספּעציעלן סאָרט וואַלד־חיות. אַ סברה, אַז דאָס איז דער סוד פון דער יאַנואַר־אַקציע אין וואַרשעווער געטאָ *).

און יידן האָבן זיך אַזוי געמוטשט וועגן אָט דער אקציע. דאָס

*) די א. ג. יאנואר־אקציע האָט געדויערט פון 18 ביזן 21־סטן יאנואר 1943. זי פאלט אויס אין די טעג ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער גרויסער מפּלה ביי סטאלינגראד. מיט א טאָג פריער זיינען פאָרגעקומען גרויסע יאפאנקעס אויף דער פוילישער זייט. מעגלעך אז די כוואליע טעראָר אין וואַרשע, האָט גע־האט א שייכות מיט דער ידיעה וועגן דער מפּלה.

ערשטע מאָל ביי דער געלעגנהייט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די דייטשע „יעגער"...

אין לעמבערג וויל אַ קאָמענדאַנט פון דער יידישער מתים־בריגאַדע באַקלײדן „זײנע" יידן, זיי זאָלן זיך האָבן אין וואָס אױ־בערצוטאָן נאָך דער שטינקענדיקער ארבעט, ברענגט ער פון שטאָט צו ליקווידירן אַ צוויי פלאַצוווקעס מיט פארמעגלעכע יידן און האַלט אַזוי אַרום זײן צוזאָג *).

בראש פון דער קאפעליע אין טרעבלינקע שטייט דער דיריגענט פון איינעם פון די בעסטע פארמלחמהדיקע קאפע־אָרקעסטערס אין וואַרשע, ארטור גאָלד. פאר אים איז געווען אן אנדערע קאַפעליע כלי זמרים **). דאָ זיינען אַדורך מוזיקער און מוזיקער. מיטגעהאַט ס׳רוב די אינסטרומענטן זייערע. געזען פארשווונדן די אייגענע משפחה אין די גאז־קאמערן און אַליין געבליבן לעבן נאָך אַ שטיקל צייט אויף דעם דאָזיקן אָרט. געשטאַנען דאָ יעדן טאָג און קאָנצער־טירט — די טרעבלינקער „פלאַץ־מוזיק". אויף די יידישע ארבעטער און אויף די מענטשן געטריבענע צום טויט האָט די מוזיק געווירקט פאַטאַל. זי פלעגט זיי צום רעשט צעברעכן פסיכיש. פאַר די דייטשן איז זי אָבער געווען אַן „ענטשפאַנונג". אַ נערוון־שטאַרקונג.

די מוזיק בליט. טרעבלינקע האָט אַפילו איר ספּעציעלן מאַרש. אַ טרעבלינקע־הימן. אָרטיקע פראָדוקציע — סיי די מוזיק, סיי דער טעקסט. געזונגען האָבן אים די יידן ביים אַפעל. ביים אַרויס־מאַרשירן צו דער ארבעט. אָט איז די לעצטע סטראָפע פון דעם טרעבלינקע־הימן:

„די אַרבעט זאָלל אונז אַללעס היר בעדויטען
און אויך געהאָרכזאמקייט אונד פפליכט
וויר וואָלען וויטער, וויטער לייסטען

---

*) Leon Wieliczkier l. c.

**) לויט גבית־עדות פון אַברהם קזשעפּיצקי, האָט אין אויגוסט 1942 געשפּילט אין טרעבלינקע א קאפעלע פון פיר כלי־זמרים, פון דעם דערנעבנדיקן שטעטל סטאָטשעק.

ביז אונזער קליינעם גליק אונז איינמאָל ווינקט״.

איר פארשטייט — „דאָס קליינע גליק״ — דאָס מיינט מען אוודאי די קויל אין קארק ביים לאַזאַרעט..

צו די מוזיקער פון דעם אָרקעסטער באַציִען זיך די ס. ס.־לייט האַלבוועגס מיט חסד. פאַרקירצן זיי די אַרבעטס־צייט, אָדער באַפרייען זיי אינגאנצן פון דער ארבעט, כדי זיי זאָלן קאָנען מאַכן פראָבען. ווען עס קומט זיי אויס צו ליקווידירן, ליקווידירט מען זיי נאַטירלעך, אָן אַ פּינטל מיטן אויג. איינס האָט נישט צום אנדערן, עלעהיי אַ בעל־הבית האָדעוועט זיך אין שטאַל אַ קעלבל, צי אַ חזירל. און, אַז ער דאַרף עס שעכטן — שעכט ער עס נישט?

אויך ספּאָרט ווערט דאָ געטריבן. ליכט־אַטלעטיק, באָקס. און אויך די ספּאָרט־מענער געניסן — ביז אַ געוויסער צייט נאַטירלעך, ביז צו זייער „באַדויערנסווערטער״ ליקווידאַציע — פון פּריווילע־גיעס. פון בעסער עסן, וויניקער אַרבעטן. עס ווערן איינגעפירט פאַרמעסטונגען.

אַך, ווי געמיטלעך זיי פילן זיך דאָ די דייטשן! ווי זיי קעכלען זייערע מנהגים און רגילותן, ווי זיי טראַכטן זיך אַ ביסל צו צע־שטרייען, פריילעך מאכן. דער עיקר צייכנט זיך טאַקע טרעבלינקע אויס צווישן די לאַגערן מיט הומאָר, מיט אַסך הומאָריסטישער אינ־ווענץ.

אין קליינעם פּרט דריקט זיך אויס די שעפערישקייט פון דער מענטשלעכער נאַטור.

אָט איז אַזאַ פּרט.

אויך אין אנדערע לאַגערן איז דאָס דערליידיקן די נאַטירלעכע באַדערפענישן אַן ענין אַ פאַרבונדענער מיט כלערליי שיקאַנעס און סכנות. דער עיקר מיט באַגרענעצונגען אין צייט. אין יאַנאָווער לאַגער אין לעמבערג, למשל, זיינען פאַראַן „שייסקארטן״ און מענטשן באַצאָלן מיטן לעבן פאַר „מיסברויכן״ מיט די דאָזיקע קאַרטן. אין פאַרשידענע לאַגערן זיינען פאַראַן עסקטראַ „שייסמייס־טערס״, וואָס זיינען פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר, עס זאָל זיך ווער

נישט פארזיצן לענגער דאָרטן, ווו מען זיצט... אָבער טרעבלינקע פאַרמאָגט אַן „אָבערשייסמייסטער". די אָריגינאַליטעט זיינע באַשטייט דער עיקר אין דער הלבשה — חצי טשערקעס, חצי רב, מיט אַ וועק־זייגער אויף דער ברוסט. ער האָט אויסגעזען אַזוי קאָמיש, אַז, ווי עדות גיבן איבער, אַפילו די יידן, וואָס האָבן אויף אים רחמנות געהאַט, האָבן געמוזט לאַכן, ווען זיי האָבן אויף אים געכאַפּט אַ קוק. דעם „אמט" האָט פארנומען אַ טשענסטאָכאָווער סוחר מיט אַ זייער כאראקטעריסטיש יידיש פנים. דערפאר טאַקע האָבן זיי אים אויסגעקליבן צו שפּילן אָט די ראָל. איך וואָלט געקאָנט דאָ איבערגעבן אַ צענדליק מעשׂיות וועגן טראגיקאָמישע פאַלן, וואָס האָבן ארום אים געטראָפן. אָבער — גאָט, מיין גאָט, — איך גיי דאָך דאָ נישט שרייבן קיין אַנעקדאָטאַריום פון אַ טויטן־לאַגער! איך וויל בלויז ווייזן, ווי די דייטשן האָט געדינט דער קאָפּ צו אָט די זאכן, ווי עס האָט זיך זיי געגלוסט צו טרייבן שפּאס.

— וואָס איז דאָס חידוש — האָט מיר איינמאָל געזאָגט אַ פּשוטער ייד, אַן עדות — יונג, געזונט, אָנגעפּרעסן, אָנגעטרונקען, אָנגענואפט פאַר יידיש געלט, מיט יידישע בריליאנטן אין די קעשענעס, אויפן פראָנט גייט מען נישט, — וואָס האָט זיי מער געפעלט? האָבן זיי זיך געמאַכט „זאַבאַוועס" און אויך דאָס אויפן יידישן חשבון, פון אונזער בושה, פון אונזערע ווייטיקן.

איך אַ פּסיכאָלאָגישע חקירה פון אַ יידן און מסתמא אַ גאַנץ ריכטיקע.

צו „באַגריסן" די יידן־טראַנספּאָרטן קומט אַרויס דער גאַנצער שטאַב ס. ס.־לייט אין די שיינע פרימאָרגנס פריש אַפּראַזירט און אויסגערוט, אין אַ גלענצנדיקער אינעווייניקסטער און אויסנווייניקסטער פאַרפאַסונג. דעם לאַגער־קאָמענדאנט דערקענט מען אין די ווייסע האַנדשו, דורך וועלכע ער האָלט זיין פיינעם, איידל־לעדערנעם פּייטש. דער פּוילישער יונג־האַרבסט איז אַזוי שיין! ווען דאָס וועטער דערלויבט — אין די סעפּטעמבער־טעג פון דעם

וואַרשעווער „קעסל״ *) האָט די זון געבראָטן, ווי אין מיטן זומער־קומט אויך אַרויס דער קאָמענדאַנט אויפן פּלאַץ אין אַ ווייסן מונדיר. דער קאָמענדאַנט איז אַ הויפּטמאַן פון אַקטיווען דינסט. כל זמן עס איז שייך אין דרויסן, דאַרף מען נאָך אַביסל דורכלופטערן די זומער־גאַרדעראָב.

אין דייטשן טייל לאַגער איז פאַראַן אַ ווינקל, וווּ מען האָדעוועט קרוליקעס, פוקסן, וועווריקעס. עס איז דאָ פאַראַן אַ באַסיין מיט שווימענדיקע קאַטשקעס און עס האַלט שוין דערביי, מען זאָל אַהערברענגען אויך אַ סאַרנע. דאָס ווינקל מיט די דאָזיקע אומגעפערלעכע בעלי־חיים רופט מען, מיט פּראָווינציאַנעלער פּרעטענסיאָנאַליטעט, „טיר־גאַרטן״ און מען איז שטאָלץ דערויף. אויך אַ גאָרטן מיט גרינוואַרג האָט זיך איינגעגעבן אויפצופלאַנצן אויף די זאַמדן. נו — און בלומען, זייער אַסך בלומען.

ספּעציעלע יידן זיינען באַשעפטיקט ביים פלעגן און קעכלען די קלאָמבן, די סאַמע שענסטע און פאַרשידנאַרטיקסטע בליען ביים אַריינגאַנג אין דעם בנין מיט די נייע גאַז־קאַמערן**).

פון צייט צו צייט קומען קיין טרעבלינקע געסט. ווערמאַכט־גענעראַלן פון מאַלקין, ס. ס.־אָפיצירן פון לובלין, פון ביאַליסטאָק, פון אַנדערע ערטער. קודם פירט מען די ס. ס.־געסט ווייזן דעם באַטריב. מען דעמאָנסטרירט די פאַרשידענע פאַזן פון דער פּראָדוקציע, מען לאָזט מיט זעלבסטצופרידנקייט באַוווּנדערן די „לייסטונג״. ווען הימלער קומט אַהער סוף פעברואַר 1943, גרייט מען אפילו — אַ סברה — צו אַ ספּעציעלע אַטראַקציע, אַ פּאַרטיע יונגע פרויען, וואָס מען האָט עקסטראַ צו־דעם צוועק אויסגעקליבן

---

*) די לעצטע פאַזע פון דער ערשטער אקציע אין וואַרשע, ווען מען האָט צונויפגעטריבן דעם רעשט יידישע באַפעלקערונג אויף דעם שטח פון עטלעכע גאַסן און דורכגעפירט איבער זיי אַ גענעראַל־סעלעקציע, וואָס האָט געדויערט פון 6־טן ביזן 13־טן סעפּטעמבער 1942. די צאָל יידן וואָס זיינען דעמאָלט אַרויסגעפירט געוואָרן, שאַצט מען אויף אַ 100,000.

**) לויט גבית עדות פון סטאַניסלאַוו קאָן האָט זיך אויפן שפּיץ דאַך פון דעם בנין געפונען אַ מגן דוד אין די אויפשריפט Judenstaat

כדי עס זאָל דעם סאַמע אויבערשטן ס. ס.־ און פּאָליציי־פירער פונם רייך עסטעטיש זיין צו קוקן אויף די נאַקעטע לייבער, ווען מען וועט אים פּרעזענטירן דאָס אַרבעטס־טעמפּאָ אין טרעבלינקע. ביים לויפן „אין באָד אַריין“, ביים אַרויסשמייסן די פּאַרטיקע מתים...

ווי זאָגט דאָס איטאַליעניש ווערטל: איבּ די זאַך איז אַויס־געטראַכט, איז זי גוט אויסגעטראַכט. אַז הימלער איז דאָ געווען, איז זיכער. ער האָט מהנה געווען מיט זיין וויזיט די וואַרשטאַטן און עדות האָבן אים דערקענט, לויט די פּאָטאָגראַפיעס אין די צייטונגען.

דער עדות ש. רייזמאַן גיט איבער, אַז אין אַפּריל 1943 זאָל אויך דער הויכער גאַסט פון דעם טרעבלינקער באַטריב האָבן געווען גענעראַל־גובערנאַטאָר האַנס פראַנק.

נאָכן באַקוקן די מתים־פאַבריק פאַרבעט מען די חשובע געסט אויף אַ מאָלצייט. מען נעמט עפּעס אין מויל אַריין, מען טרינקט, מען שמועסט, מען רויכערט פּאַפּיראָסן, דערנאָך באַגלייט מען אַרויס די געסט צו די שיינע אויטאָס, וואָס וואַרטן אויף זיי. מען דריקט זיך די הענט, מען גיט זיך אָפּ מיליטערישע כבודים, מען הייבט די הענט: „הייל־טלער“.

מען איז אַביסל מיד, פאַרחלומט, כנהוג, נאָכן אָפּפאָרן פון געסט. מען מוז אָבער פונדעסטוועגן צוריקגיין נאָך אויף אַ ווײַלע צו דער אַרבעט. מען מוז נאָך כאַפּן אַ קוק אויף דעם אַפּעל־פּלאַץ. אפשר וועט אויסקומען אונטערשיסן אַ פּאָר יידן. אפשר האָט מען ווידער געכאַפּט אַ יידישן שווינדלער צווישן די אַרבעטער מיט אַ שטיקל פאַרשימלט ברויט אין קעשענע און מען וועט מוזן האַלטן אַן עפענטלעך געריכט איבער אים, אויסציילן אים אַ 50 — 100 פּייטשן און הייסן אים דערנאָך, לשם גוטן ביישפּיל פאַר דעם רעשט יידן, אויפהענגען מיטן קאָפּ אַראָפּ. עס קאָן אַפילו זיין, אַז מען וועט היינט יוצא זיין דערנאָך בלויז מיט אַ קויל. מען איז היינט אַזוי מילד געשטימט. בעסערע ידיעות היינט פאַראַן אויפן פראָנט. אַ גרויסער אָפּוועג־דערפאָלג ביי קערטש... אַלנפאַלס וועט מען

נישט פריער אַוועקגיין פון דעם פלאַץ ביז מען וועט נישט האַלטן אַ שטיקל רעדע. בגילופין האַלטן זיך די רעדעס אַסך בעסער. און הגם די גאַנצע באַנדע וועט לאַנג אויף דער וועלט קיין מיסט נישט מאַכן, מוז מען זי פונדעסטוועגן ביי יעדער געלעגנהייט זען צו דער־ציען. די דערציונג פון די מינדערווערטיקע מענטשן און פעלקער צו אָרדענונג און פליכט איז, ווי באַוווסט, איינע פון די דערהויבנ־סטע אויפגאַבן פון אַן ס.־ס.־מאַן.

דערנאָך וועט מען צוריקשפּאַצירן צו די דייטשע באַראַקן און מען וועט זיך צוליגן כאַפּן אַ דרימל. עס קאָן אַפילו זיין, אַז מען וועט היינט אינגאַנצן גיין פריער שלאָפן. סוף כל סוף איז די אַרבעט דאָ אויפרייבנדיק, הגם נישט אומאָנגענעם.

מיט איין וואָרט — אַן אידיליע.

פאַר דער דייטשער באַדינונג איז טרעבלינקע — אַ דינבסט־שטעלע הינטער דעם פראָנט—ממש אַ מין דאַטשע־אָרט. די צרה איז נאָר, וואָס מיר קאָנען זיך שוין אין דייטשן טייל לאַנגער לאַנג נישט פאַרהאַלטן — דאָ הערשט אַזאַ זוניקע שטימונג! מיר מוזן זיך אָבער אומקערן צו דעם „טשוואַק" פון דעם דאַזיקן פּראָווינץ־גוט, צו דעם אָרט, וווּ עס הערשט דער גרעסטער „העלענספּעקטאַקעל" פון גאַנצן באַטריב.

בלויז דייטשן פאַרמאָגן אַזאַ וואָרט אין זייער שפּראַך — „העלענספּעקטאַקעל". און אויך „גאַלגען־הומאָר" איז אַ וואָרט פון דייטשן לעקסיקאָן.

# די פּענצטערלעך אויף אַריינצוקוקן

ווײַפל מיר זאָלן שוין נישט האָבן געהערט און געלייענט וועגן טרעבלינקע, ווערן מיר נאָך פונדעסטוועגן כסדר געוויר עפּעס נייס. עפּעס אַזוינס, וואָס טוט איבעראַנייס אָנצונדן אין אונז אַ פּײַן און כעס נישט צום אַריבערטראָגן. עפּעס אַזוינס, פון וואָס מען הערט ווידער אויף צו שלאָפן אין די נעכט.

אָט אַ שטייגער האָבן מיר אַ צייט לאַנג געמיינט, אַז די גסיסה אין די גאז־קאמערן, ווו עס איז דערשטיקט געוואָרן דער רוב פון אונזער אַלעמענס קרובים און פריינט — האָט געדויערט 20—25 מינוט, העכסטנס אַ האַלבע שעה. פון דער באַשרייבונג פון יאַנקל וויערניק זיינען מיר געוויר געוואָרן, אַז אין די נייע טרעבלינקער קאַמערן, וואָס זיינען געווען גערוימער, ווי די אַלטע, האָט דאָס שטאַרבן געדויערט לענגער, — אָפּטמאָל ביז אַ שעה — ווייל דער מאָטאָר פון אַ רוסישן טאַנק, וואָס האָט מיט די פאַרברען־גאַזן זיינע באַדינט די קאַמערן, האָט קאַרג געקלעקט פאַרן פאַרגרעסערטן שטח, פאַר די פאַרברייטערטע רערן. נישט געווען גענוג אויסגיביק און אינטענסיוו. וויערניק דערמאָנט אויך אגב־אורחא וועגן דעם, אַז טיילמאָל פלעגט מען לאָזן די ידן שטיין אָנגעשטאָפּטע אין די קאַמערן אַ גאַנצע נאַכט און מען פלעגט אינגאַנצן נישט אַריינלאָזן קיין גאַז. די לופט פלעגט פאַרברויכט ווערן פון אָטעמען און אַ גרויסער פּראָצענט מענטשן פלעגן צוליב מאַנגל אין זויער־שטאָף אַוועקשטאַרבן נאָך איידער דאָס גאַזעווען האָט זיך אָנגעהויבן. און אָט איז געקומען נאָך אַן עדות, יחיאל רייכמאַן, וואָס האָט גלייך מיט וויערניקן געאַרבעט אויף יענעם, פון רעשט לאַגער שטרענג אי־

זאָלירטן געביט, ווו עס האָבן זיך געפונען די גאַז־קאַמערן. איבער־געגעבן נאָך גענויערע פּרטים וועגן דעם, ווי לאַנג עס פלעגט גע־דויערן דער טויט אין די קאַמערן.

ווען קיין טרעבלינקע האָבן אין די ערשטע ווינטער־חדשים 1943 די טראַנספּאָרטן אָנגעהויבן קומען זעלטענער, העכסטנס 2—3 אַ וואָך, האָבן די ידישע אַרבעטער, אָן דעם עסן פון די וואָס אַמאָל פרישע יידישע פּעק, אָנגעהויבן הונגערן. די דייטשע און אוקראַאינישע ס.־ס.־לייט ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן לאַנגווייליקן. אין טעג, ווען עס פלעגן אָנקומען בלויז איינצלנע טראַנספּאָרטן, און קיין ווייטערע טראַנספּאָרטן זיינען נישט געווען אָנגעקינדיקט, פלעגט זיך דריבער די דייטש־אוקראַאינישע באַדינונג, מיט דעם מאָטאָר־הייצער איוואַן בראַש, איינאָרדענען אַן עקסטראַ־פאַרווייליונג, אַ דיסטראַקציע אַזוי צו זאָגן.

אין קאָרידאָר, לענגאויס די קאַמערן האָבן זיך געפונען גלע־זערנע וויזיערס, אַזעלכע פענצטערלעך אַריינצוקוקן אינעווייניק. די פענצטערלעך זיינען, לויט זייער קאָנסטרוקציע, געווען באַשטימט פאַר פּראַקטישע צוועקן. אַ קוק צו געבן: אפשר דאַרף מען נאָך צולאָזן אַביסל גאַז? צו זען צי איז שוין פאַרטיק איין שיכט, צי קאָן מען שוין עפענען די קלאַפּעס, אַרויסצוואַרפן די מתים און באַ־שטעלן גלייכצייטיק טעלעפאָניש אַ צווייטע שיכט? איצט האָבן אָבער די פענצטערלעך אויסער די דאָזיקע אוטיליטאַרע צילן, אָנגעהויבן נוצן פאַר באַפרידיקן נאָך אַן אַנדערע מין דייטשע נייגעריקייט.

נייגעריקייט, ווי מיר ווייסן, איז די מוטער פון די וויסנשאַפטן. די דערמאָנטע פענצטערלעך פלעגן אָפטמאָל זיין באַקלעבט מיט קעפּ פון ס.־ס.־לייט, וואָס האָבן אָבסערווירט די מאסן־גסיסה! אַן עקסטרא סעודה האָבן זיי געהאַט דעמלט, ווען איוואַן פלעגט האָבן צייט צו פאַמפּן די לופט און אונטערלאָזן דעם פאַרברען־גאַז אויף ראטעס, אָדער אינגאנצן נישט געבן קיין גאַז, גאָרנישט טאָן, לאָזן שטיין די ידן אינעווייניק, וואַרטן, ביז דער זויער־שטאָף הינ־טער די הערמעטיש פאַרמאַכטע טירן איז געוואָרן ווייניקער און ווייניקער...



7. אויפן שטח פון דעם געוו. טויטן - לאַגער

און מען האָט געזען, ווי אליין פון זיך ווערן אויגן ארויסגעזעצט, צונגען אַרויסגעשטעקט, מיילער אויסגעקרומט. ווי אַ קינד, אַן איפגעהויבנס אַרויף דורך דער מאמען זיינער, עס זאָל נישט ווערן דערדריקט, זיצט זיך נאָך פון אויבן לעבעדיק, בעת די מאַמע שטייט שוין מיטן קאָפּ פאַרוואָרפן אויף די אַקסלען און דער מאַמעס אָרעמס ווערן שוין פאַרשטאַרט...

עס איז געווען טשעקאַווע צו זען, ווי לאַנג וועלן די יידן אויס־האַלטן.

דער עקספּערימענט האָט אגב געקאָנט זיין אַ גאַנץ ערנסטער און וויכטיקער. אפשר וועט מען אויסגעפינען מיט דער צייט אַזאַ מעטאָד, אַז די פאַרברען־גאַזן וועלן באמת ווערן אינגאַנצן איבעריק און דאָס שטיקן מענטשן וועט לחלוטין אויפהערן צו קאָסטן. די מעכאַניק וועט אינגאַנצן אַרויסשטויסן די כעמיע. טרעבלינקע האָט אַמביציע. טרעבלינקע וואָלט אין דעם פאַל ממש אָנגעמאַכט אַן איבערקערעניש. געשאַפן אַ נייע תקופה אין דער פאַרניכטונגס־טעכניק. דער שווערפּונקט ליגט דאָ אוודאי אין דער הערמעטישער איזאָלאַציע. דערווייל דויערט נאָך די גאַנצע מאָטאָרלאָזע פּראָצעדור אַביסעלע צו לאַנג.

ביז אַלע יידן אין די קאַמערן הערן אויף געבן סימנים פון לעבן דויערט טיילמאָל ביז 48 שעה!

צי שטעלט איר איך פאָר, ווי אַזוי עס זען אויס אין די אויגן פון די געשטיקטע יידן די פרצופים פון די, וואָס טוען זיי די דורך די פענצטערלעך באַטראַכטן?

אַ וויטע — און נאַטירלעך שוואַכע — אידעע דערפון האָבן מסתמא געהאַט אונזערע מגידים, ווען זיי פלעגן שרעקן די זינדיקן מענטש מיט די מחבלים פון חיבוט הקבר.

# דער פריזירער

יחיאל רייכמאַן האָט געאַרבעט ביי די גאַז־קאַמערן: קודם, אַלס „פריזירער", און דערנאָך אַלס „דענטיסט" ביים אַרויסציען די גאָלדענע ציין פון די טויטע. אַלס פריזירער האָט רייכמאַן געאַרבעט בלויז דריי טעג. אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז דערנאָך אין טרעבלינקע אָפּגעווען גוטע עטלעכע חדשים און צוגעזען און אויסגעהאלטן דאָרט די גאַנצע צייט אַסך מער, ווי אַן אַמעריקאַנער, אָדער ענגלישער לייענער וועט וועלן גלויבן — האַלט ער די דאָזיקע דריי טעג פאַר די סאַמע שרעקלעכסטע.

— איך פיל, אַז איך ווער ווילד, ווען איך טראַכט וועגן דעם — זאָגט יחיאל. און איזן איז ער אַ מענטש אַ בלאָנדער און אַ לאַנגזאַמער, אַ רואיקער. — איך טאָר נישט טראַכטן וועגן דעם.

ער האָט געשוירן ביי די פרויען די האָר פאַרן טויט. געווען אַזעלכע נאַיווע, וואָס האָבן זיך נאָר נאָכגעפרעגט וואָס מען טוט מיט זיי.

— יהודי, וואָס טוט מען מיט אונז?

געקוקט דעם יידן אין מויל אריין, ער זאָל אָפּלייקענען, באַרואיקן...

געווען אַזעלכע, בפרט יונגע מיידלעך, וואָס האָבן זיך געבעטן בײַם „פריזירער", ער זאָל זיי נישט שערן מיטן גאָל־מעשינדל ביז דער סאַמע הויט. ער זאָל זיי איבערלאָזן כאָטש קורצע לאָקן. אפשר געמיינט דערמיט זיך אליין אײַנוויגן אין גלויבן, אַז דאָס שערט מען זיי באמת צוליב היגיענישע טעמים. פאַר דער רייניקונג, אין דער "באַדאַנשטאַלט", ווינציק באַליידיקונגען זיינען זיי

אויסגעשטאַנען פון דעם מיק, נאָך אין יענע „גוטע צייטן״, ווען יידן פלעגן נאָך באַקומען אַמטלעכע דערלויבענישן צו פאָרן מיט דער באַן, אָבער מוזן דערצו באַלייגן אַן „ענטלויזונגסשיין״. ווען די עלעגאַנטסטע דאַמען פלעגן זיך אַמאָל מוזן לאָזן אָפּשערן צו דעם צוועק די האָר אונטער דעם חשד, אַז זיי זיינען פאַרלייזיקט... דאָס רוב פרויען אין טרעבלינקע האָבן שוין אָבער איצט גוט געוווסט, צו גוט... נאָך סעפּטעמבער 1942 איז שוין אין פּוילן שווער געווען נישט צו וויסן...

צי פילט איר דעם מאָמענט פון שערן די האָר ביי אַ פרוי? דאָס דאַזיקע „באַזעצן״ די יידישע כלות פאַר דער שווארצער חופּה! דער טייוול אַליין האָט געהאַלטן די שוואַרצע ליכט צו דער דאָזיקער צערעמאָניע. און אַן אָפּשיין פון זייערע פלעמלעך איז געבליבן באַרגליווערט אין די טויט-גרינע אויגן פון דעם „פריזירער״.

איך האָב געלייענט אין סעטעפאַן צווייגס מאַנאָגראַפיע, ווי אַזוי מען קומט אין תפיסה אָפּשערן די האָר ביי מאַריע אַנטואַנעט — אינדערפרי, פאַרן פירן זי אויפן עשאַפאָט. איך האָב געלייענט ערגעץ אַנדערש וועגן צום טויט-פאַרמשפטע, ווי אַזוי מענטשלעכע האָר פלעגן גראָ ווערן אין איין רגע, מיטן מאָמענט, ווען די שער פון תליון פלעגט זיך צורירן צום האַלז ביים אַראָפּנעמען די האָר, פאַרן קעפּן.

און יידישע מאריע אַנטואַנעטן זיינען געווען אין טרעבלינקע און אין אַנדערע ערטער, אין די הונדערטער טויזנטער. פון 6 יאָר אָנגעהויבן, פון די ערשטע צעפּעלעך.

# אין ליכט פון ציפערן

וויפיל יידן זיינען געהרגעט געוואָרן אין טרעבלינקע? פעסט־שטעלן מיט אַ וויסנשאַפטלעכער גענויקייט וועט זיך די ציפער מסתמא קיינמאָל נישט איינגעבן. צוויי קוועלן זיינען פאַראַן, אויף וועלכע עס שטיצן זיך די אָפּשאַצונגען. גבית עדות פון אַנטלאָפענע יידן און באַן־דאָקומענטן פון דער סטאַציע טרעבלינקע. ליידער האָט זיך אָפּגעהיט בלויז אַ ברוך־טייל פון די דאָקומענטן. דער רעשט איז פארלוירן געגאנגען אין די מלחמה־געשעענישן. פונדעסטוועגן האָט זיך דער מלוכהשער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע אויפן יסוד פון די פאראנענע פאפירן איינגעגעבן פעסטצושטעלן דעם ווארשיינלעכן מינימום פון דער צאָל יידן, וואָס זיינען אומגעבראכט געוואָרן אין טרעבלינקע.

אויפן יסוד פון דעם, וואָס עס האָט פעסטגעשטעלט די קאָמיסיע, און אויפן יסוד פון דעם, וואָס מיר קאָנען אויסחשבונען אַליין, האַלטן מיר ביי דער מיינונג, אַז די ציפער פון איבער דריי מיליאָן יידן געהרגעטע אין טרעבלינקע, ווי זי ווערט אָנגעגעבן ביי פארשידענע מחברים, איז אן אבסאָלוט צו גרויסע און זי דארף פארקלענערט ווערן אויף העכער אַ מיליאָן.

די מאסן־עקזעקוציעס אין טרעבלינקע האָבן זיך אָנגעהויבן תשעה־באָב, דעם 23־טן יולי 1942, און האָבן זיך דעפיניטיוו פאר־ענדיקט אין דער מיט סעפטעמבער 1943. די גרעסטע צאָל טראַנס־פאָרטן זיינען געבראכט געוואָרן אין די חדשים אויגוסט־סעפטעמ־בער, אָקטאָבער, נאָוועמבער ביז העלפט דעצעמבער 1942. סוף אויגוסט איז געווען אן איבערייס אויף אַ וואָך צייט, צוליב דעם,

וואָס עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט צופיל מתים און צופיל מלבושים, מיט וועלכע מען האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן. אַראָפּ־רעכענענדיק די וואָך בלייבט 4 און אַ האַלבער חודש, דערין 144 טעג פולע פּראָדוקציע פון די גאַז־קאַמערן! לויט אַלע פאַרהערטע עדות, פלעגן אָנקומען קיין טרעבלינקע פון 1—3 טראַנספּאָרטן אַ טאָג. יעדער טראַנספּאָרט האָט געציילט אין דורכשניט 60 וואַגאָנען, אין יעדן וואַגאָן פון 80—150 מענטשן. לויט אַ ריי עדות גיבן אָן, זיינען געווען טעג, ווען עס זיינען אָנגעקומען טראַנספּאָרטן באַלאָדענע נאָך איבער דעם דורכשניט און מער ווי דריי אַ טאָג. ווען די גאַז־קאַמערן האָבן געאַרבעט ביז 1 ביינאַכט און אויסגעהאַרטיקט ביז 20.000 מתים אַ מעת־לעת. געווען אָבער טעג, ווען די טראַנספּאָרטן זיינען געווען אַסך קלענערע און גאָר קליינע, בפרט די טראַנספּאָרטן פון דייטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע און פון אַנדערע אייראָפּעישע לענדער, פון וואַנען די יידן זיינען געקומען צו פאָרן אין פּערזאָן־צוגן, וואָס זיינען נישט געווען אַזוי איבערפולט, (בלויז מיטגעפירט זייער אַסך געפּעק און באַזונדערע באַגאַזש־וואַגאָנען). אַחוץ דעם מוזן מיר נעמען אין באַטראַכט, אַז די עדות קאָנען באַטראַכטן פאַר באַזונדערע טראַנספּאָרטן יעדע 20 וואַגאָנען, וואָס פלעגן אַריינגעבראַכט ווערן פון דער באַן־סטאַציע טרעבלינקע אויף דעם זייטנגעלייז פון דעם לאַגער. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, פלעגט יעדער טראַנספּאָרט זיך אָפּשטעלן אויף דער באַנסטאַציע טרעבלינקע און אין עטלעכע טיילן אונטערגעשטעלט ווערן מיט דער הילף פון אַ ספּעציעלן לאָקאָמאָטיוו אויף דער ראַמפּע, וואָס האָט זיך געפונען אין פאָדערשטן טייל פונם לאַגער (אויף דער ראַמפּע מיט וועלכער עס האָט זיך פאַרענדיקט דאָס זייטנגעלייז און וועלכע האָט זיך געפונען שוין הינטערן טויער אויפן פאַרצוימטן געביט פון דעם לאַגער — האָבן מער ווי 20 וואַגאָן נישט געקאָנט אַריין.

מיר נעמען אַזוי אַרום אָן אין „הויך־סעזאָן" פון דער טרעבלינקער „פּראָדוקציע" אַ דורכשניט פון איין טראַנספּאָרט אַ טאָג צו 60 וואַגאָנען און צו 100 נפשות אין אַ וואַגאָן. דאָס מאַכט אויס

אַ דורכשניט פון 6000 מענטשן אַ טאָג, געכאַפּט דורך 144 טעג — אַ סומע פון 864.000 נפשות.

פון העלפט דעצעמבער ביז העלפט יאַנואַר, אין די חגאות, איז אַריינגעטרעטן אַ הספקה, אורלויב־צייט. נאָך דער הפסקה זיינען די טראַנספּאָרטן געוואָרן באַדייטנדיק זעלטענער. עס פלעגן קומען קיין טרעבלינקע צוויי, העכסטנס דריי טראַנספּאָרטן אַ וואָך. אין חודש מערץ און אַפּריל זיינען כמעט קיין טראַנספּאָרטן נישט געווען. דער לעצטער טראַנספּאָרט, וועלכן די יידישע עדות האָבן בייגע־וווינט, איז געקומען העלפט מאַי, מענטשן אַרויסגעפירטע פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד*).

זינט פעברואַר 1943 איז די טרעבלינקער „פּראָדוקציע" גע־וואָרן איבערגעשטעלט אויף פאַרברענען די מתים, וואָס זיינען אין דער צייט אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די קברים. נאָכן אויפ־שטאַנד אין טרעבלינקע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 2־טן אויגוסט 1943 און בשעת וועלכן דער רוב בנינים איז געוואָרן פאַרברענט, אַ טייל דייטשן און אוקראַינער געהרגעט און דאָס רוב יידן זיינען געפאַלן אין קאַמף אָדער אַנטלאָפן — איז נאָך פונדעסטוועגן אַ טייל בנינים געבליבן שטיין, צווישן זיי קודם כל דער געמויערטער בנין מיט די גאַז־קאַמערן, אין וועלכע עס זיינען נאָך ביז סעפּטעמבער 1943 פאַרגאַזעוועט געוואָרן איינצלנע טראַנספּאָרטן יידן. מיר ווייסן גענוי וועגן טראַנספּאָרטן יידן פון ביאַליסטאָק. נעמענדיק אין באַטראַכט די אַלע אינפאָרמאַציעס, רעכענען מיר, אַז אין טרעבלינקע זיינען אין דער צייט פון העלפט יאַנואַר ביז סעפּטעמבער אומגעבראַכט געוואָרן אַ מינימום פון 25 טראַנס־פּאָרטן יידן ביז דעם אויפשטאַנד און אַ 10 טראַנספּאָרטן נאָך דעם אויפשטאַנד. צוזאַמען, אַזוי אַרום אַן ערך 35 טראַנספּאָרטן. לויט דער פריער אָנגענומענעם דורכשניט פון דער צאָל וואַגאָנען און

---

*) דער ריכטער לוקאַשקיעוויטש אין זיין ציטירטער אַרבעט נעמט אַן אַז ערך 800.000 יידן אומגעקומען אין טרעבלינקע. צ. יי. ה. ק.

מענטשן אין אַ טראַנספּאָרט מאַכט דאָס אויס צוזאַמען ביי אַ 210 טויזנט נפשות. צוגעשטעלט צו דער צאָל פון דעם הויך־סעזאָן באַטרעפט דאָס 1.074.000 ד. ה. איבער אַ מיליאָן יידן *).

דאָס איז די יוארשיינלעכע ציפער. די דייטשן האָבן אַוודאי געפירט אַ גענויע עווידענץ פון דער צאָל מתים אַרייסגענומענע פון די קאַמערן. מיר ווייסן וועגן דעם פון דעם פּראַטאָקאָל פון אַ יידישן שלאָסער־מעכאַניקער מיטן נאָמען טוראָווסקי, וואָס גיט איבער וועגן אַן איינריכטונג אין אַ קאַסע־שאַנק אין די דייטשע באַראַקן, ווו עס האָט זיך געפונען די באהעלטעניש אויף דאָקומענטן, מיט אַ קנעפּל איינצושאַלטן אַ קורצשלוס און פאַרברענען זיי אינעווייניק. מיר ווייסן אויך, אַז אין דער ערשטער צייט פלעגט מען הייסן די יידן ביים אויסטון און אַוועקגעבן דאָס געלט איבערלאָזן 1 זלאָטע אויף איינצוצאָלן „פארן באָד". ביים אָנהייב „הימלשטראַסע" איז געזעסן אין אַ הילצערן הייזל אַן אוקראַינישער וואכמאַן, וואָס האָט איינקאַסירט די זלאָטעס. אַחוץ דעם צוועק פון אַריינפירן די יידן אין אַ טעות, זיי זאָלן מיינען, אז זיי גייען זיך באמת באָדן, האָט די דאָזיקע מאַניפולאַציע אוודאי געמוזט דינען צו סטאטיסטישע צוועקן. זי איז אָבער, ראשית, צוליב דער גרויסער גראטשקע, גאָר גיך געוואָרן אויפגעגעבן, צווייטנס זיינען אלע דייטשע פּאַפּירן און חשבונות פון טרעבלינקע בשעתן אויפשטאַנד, סיי ווי געוואָרן פאַרברענט.

ביז נישט לאַנג האָט מען אָנגענומען פאַר טרעבלינקע די צאָל פון איבער 3 מיליאָן געהרגעטע יידן. די ציפער איז דורכויס אַן איבערגעטריבענע. אין טרעבלינקע זיינען געבראַכט געוואָרן די יידן פון צענטראַל־פּוילן, טיילוויז אויך פון אַנדערע פּוילישע געגנטן און פון אויסלאַנד. טרעבלינקע איז אָן שום ספק איינער פון די גרעסטע יידישע מאסן־קברים אין אייראָפּע. אָבער מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן וועגן די טויט־פאַבריקן אין בעלזשעץ און סאָביבור. מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן וועגן די עקזעקוציעס

*) דאָרט.

מיט הייס געוועזער אין די שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע, ליטע, וואָלין און אוקראַינע, אין ווילנער פּאָנאַר, אין יאַנאָווער לאַגער אין לעמבערג א. אַ. וו., וועגן די צענדליקער טויזנטער געשאָסענע אין סטאַניסלאַוואָוו, אין טאַרנאָפּאָל, אין קאָלאָמיי, אין ראָוונע, אין באַראַנאָוויטש — און ווו נישט? איצט די גאַז־אויטאָס, פון יאָר 1941 אין מערב־פוילן. פאַר כעלמנאָ גופא האָט די פוילישע מלוכהשע אויספאָרשונגס־קאָמיסיע ביי אַלע אירע פּאָרזיכטיקייט, אויפן יסוד פון די חשבונות פון שאָפערן, וואָס זיינען געפאָרן מיט די טויט־אויטאָס און באַקומען געצאָלט פון יעדן קורס — פעסטגעשטעלט אַ צאָל פון 350.000 דערמאָרדעטע יידן. אַחוץ דעם דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט, אַז אויך אין די אַנדערע גרויסע מאָרדאָווניעס אין פוילן און אין דייטשלאַנד, אין אָשוויענטשים, אין מאַיידאַנעק, אין דאַכאַו, בוכענוואַלד, בעלזען־בערגען א. אַ. וו. אומעטום האָבן יידן געליפערט דעם גרעסטן קאָנטינגענט מתים. אומעטום זיינען מיר געווען די וויכטיקסטע מהותנים צו דער שוואַרצער דייטשער חתונה. הייזנט וויפל יידן זיינען אומגעקומען פאַר הונגער און טיפוס, וויפיל זיינען געהרגעט געוואָרן אין די „בליץ־פּאָגראָמען" פון ערשטן אָקופּאַציע־יאָר?!

וויפל זיינען אומגעקומען לויט דעם „נאָרמאַלן" נוסח, באַגלייך מיט מענטשן פון אַנדערע פעלקער אין די געוויינלעכע אַרבעטס־און קאָנצענטראַציע־לאַגערן? מיר מוזן זיך ריכטן אין אונזערע אָפּשאַצונגען לויט דער אַלגעמיינער צאָל אומגעבראַכטע יידן און קודם כל לויט דער אַלגעמיינער צאָל יידן, וואָס האָבן בכלל געלעבט אין אייראָפּע ביז דער מלחמה. מען האָט אויסגעהרגעט דעם רוב מנין ורוב בנין פון די יידישע מאַסן פון מזרח און פון דרום־מזרח אייראָפּע. אָבער זאָל קיינער, אין זיין איבערגעבוימענקייט מיט אונזער מוראדיקער קאַטאַסטראָפע, נישט גיין אַזוי ווייט, אַז ער זאָל אויסרעכענען אַ גרעסערע צאָל געהרגעטע יידן, ווי עס זיינען בכלל יידן אין אייראָפּע געווען...

אַזעלכע ערטער ווי טרעבלינקע, מיט זייערע גיגאַנטישע מאַסן־

קברים, נויטיקן זיך נישט צום פעסטשטעלן דעם מאָנסטרואַלן כאַ־ראַקטער פון דעם מאסן־פאַרברעך, וואָס איז דאָרט געוואָרן אָפּגעטאָן — אין קיין שום משונהדיקן לאָקאַל־פּאַטריאָטיזם, וואָס זאָל זיך אויסדריקן אין איבערטרייבן די צאָל קרבנות. גלויבט מיר, אַז שוין 1 מיליאָן מענטשן געהרגעטע אין משך פון איין יאָר אויף איין קליין אָרט איז אַ מיליאָן מאָל מער, ווי אַ מיליאָן מענטשלעכע מוחות קאָנען באַגרייפן. און אַפילו אַ האַלבער מיליאָן איז אויך אַסך מער ווי גענוג.

אין זיין בראָשור „טרעבלינקער גהינום" פרוווט וואַסילי גראָס־מאַן מאַכן אויספירן אויך אויף דעם סמך פון דער צאָל קרבנות, וואָס די גאַז־קאַמערן האָבן געקאָנט אַריינעמען, און וואָס שטימט, לויט זיין אויסרעכענונג מיט דער צאָל, וועלכע מען באקומט פון דער אָפּשאַצונג פון די טראַנספּאָרטן. ער דערגייט אויך צו דער צאָל פון דריי מיליאָן. די דאָזיקע סטאַטיסטיק האַלט נישט אויס קיין שום קריטיק. דער עיקר איז נישט מעגלעך קיין שום מסקנות אַרויס־צופירן פון דער גרויס פון די קאַמערן. קודם כל זיינען געווען דריי קאַמערן. דערנאָך צען, מיר וויסן נישט גענוי וויפל, און זיינט ווען, און וויפל מאָל אין טאָג און וויפל יידן בכלל די גאַז־קאַמערן האָבן אריינגענומען, צי האָבן אלע קאמערן מיטאמאָל פונקציאָנירט. מיט איין וואָרט — קיין ציפערן קאָנען מיר פון די קאמערן נישט דערהאַלטן. מיר קאָנען נאָר וויסן אַז זיי האָבן פאַרטיליקט אַסך, אַסך, אַך! ווי מוראדיק אַסך.

אין טרעבלינקע זיינען אויך אומגעבראַכט געוואָרן אַ פּאָר טויזנט ציגיינער און עטלעכע הונדערט פּאָליאַקן.

לויט די אינפאָרמאַציעס פון שמואל רייזמאַן זיינען די טראַנס־פּאָרטן אָנגעקומען לויט פאָלגנדיקן סדר:

דאָס רוב פון צענטראַל־פּוילן (וואַרשע און וואַרשעווער וואָיעוואָד־שאַפט, ראַדאָם, טשענסטאָכאָוו, קעלץ, שעדלעץ א. אַנד.) אַן ערך 120.000 יידן פון די מזרח־און צפון־געביטן פון פּוילן (ביאַליסטאָ־

קער, גראָדנ׳ער און וואָלקאָוויסקער קרייזן), 40.000 פון עסטרייך, 10.000 פון טשעכאָסלאָוואַקיע און 14 ביז 15 טויזנט יידן פון בולגאַריע און גריכנלאַנד *).

די ידיעה, אַז אין טרעבלינקע זיינען אומגעקומען יידן פון די אויסגערעכנטע לענדער האָט געפונען אַן אַמטלעכע באַשטעטיקונג אַדאַנק דעם אויסגראָבן דורך דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע אויפן געביט פון געוועזענעם טרעבלינקער לאַגער אַ גרעסערע מענגע בילאָן און אויך טיילווייז דאָקומענטן, וואָס שטאַמען פון די דאָזיקע לענדער.

בשעתן אויפשטאַנד אין טרעבלינקע האָבן זיך באַפרייט עטלעכע הונדערט יידן, וואָס זיינען אָבער דערנאָך ס׳רוב אומגעקומען. נאָך דער באַפרייונג האָבן זיך אויפגעקליבן אין פוילן אַן ערך 50 געוו. טרעבלינקער, וואָס זיינען אַ שטיק צייט געווען פאַרייניקט אין אַ קרייז געוו. טרעבלינקער אסירים מיטן זיץ־אָרט אין לאָדזש. דערנאָך האָט דער רוב פון זיי גענומען אויסוואַנדערן.

---

*) דאָרט

# ברילן. בראָשן, גילדענע פּעדערס

דעם איינדרוק פון אַ הונדערטער און הינדערטער טויזנטער נפשותדיקן, מיליאָנען־נפשותדיקן, אַסך באַקומען מיר נישט נאָר פון די מענטשן־צאָלן. מיר באַקומען אים אפילו פון קעגנשטאַנדן, אין פלוג גענומען זייטיקע.

אָט איז אַ ציטאַט פון אַ טרעבלינקער פּראָטאָקאָל וועגן אזעלכע קליינִיקייטן ווי — פּעדערס, ברילן, בראָשן.

דער געוועזענער טרעבלינקער אלעקסאנדער קודליק גיט איבער:

„פון סאָרטירן מלבושים האָט מען מיך איבערגעטראָגן צו סאָרטירן גאָלדענע פּעדערס. איך האָב געאַרבעט ביים איבערקלויבן פּעדערס אַן ערך 6 חדשים" *).

6 חדשים 10 שעה אַ טאָג סאָרטירט בלויזע פּעדערס.

אין פּראָטאָקאָל, וואָס דער ריכטער לוקאַשקעוויטש האָט פאַרשריבן מיט שמואל רייזמאַן, לייענען מיר:

„דאָס פאַרמעגן פון די ייִדן, וואָס זיינען געוואָרן אומגעבראַכט אין לאַגער, פלעגט ווערן סיסטעמאַטיש סעגרעגירט. צו דעם צוועק האָבן זיך אויסגעבילדעט פאַרשידענע ספּעציאַליטעטן ביים סאָרטירן. למשל איך, האָב אין משך פון אַן ערך דריי חדשים סאָרטירט בלויז ברילן. אין דער צייט איז אַ ריזיקע צאָל ברילן אַדורכגעגאַנגען דורך מיינע הענט. איך דערמאָן זיך ווייטער אַ מעשה מיט דאַמען־בראָשן. תחילת פלעגן די דאָזיקע בראָשן (איך רעד דאָ וועגן

*) פּראָטאָקאָל פון אלעקסאנדער קודליק ארכיוו פון צ. יי. ה. ק. אין לאָדזש.

בראָשן געמאַכטע נישט פון אײדעלע מעטאַלן) אַרויסגעשיקט װערן קײן דײטשלאַנד. אין אַ געװיסן טאָג איז אָנגעקומען אַ באַפעל, מען זאָל אַרויסנעמען פון די בראָשן די קינסטלעכע שטײנדלעך און דעם בלויזן מעטאַל זאָל מען לאַדעװען און אַרויסשיקן קײן דײטשלאַנד. אויף דעם אופן האָט מען פון בלויזע בראָשן אַרויסבאַקומען עטלעכע טויזנט קילאָ רױשטאָף, װאָס איז עקספּעדירט געװאָרן קײן דײטשלאַנד *).

אין די סטאַטיסטישע נאָטיצן װאָס זײנען פאַרצײכנט געװאָרן דורך דעם געהײמען אַסירים־קאָמיטעט אין די פּערװאָנען פון אינזש. גאַלעװוסקי, קורלאַנד און רײזמאַן געפינען מיר אָט װאָס פאַראַ ציפערן:

„מען האָט אַרויסגעפירט זאַכן:

אַן ערך 25 װאַגאָנען האָר געפּאַקטע אין באַלן, 248 װאַגאָנען אָנ־צוגן, אַן ערך 100 װאַגאָנען שיך, 22 װאַגאָנען פּאַרטיקע טעקסטיל־סחורות. יידן פון איוסלאַנד (דער עיקר פון בולגאַריע) האָבן אַהער־געבראַכט גאַנצע מאַגאַזינען. מען האָט אַרויסגעפירט אַ פּאָר און פערציק װאַגאָנען מעדיקאַמענטן און מעדיצינישע מכשירים (אויך דענטיסטישע מעטאַלן), 12 װאַגאָנען קלענערע האַנטװערקער־מכשי־רים, 260 װאַגאָנען בעטגעװאַנט, פּעדערן, פּוך, קאָלדרעס, קאָצן, דערצו אַן ערך 400 װאַגאָנען פאַרשידענע געגענשטאַנדן, װי למשל: געשיר, קינדער־װעגעלעך, דאַמען־טאַשן, װאַליזעס, שירעמס, פּע־דערס, ברילן, ראַזיר־אַפּאַראַטן, טואַלעט־מכשירים און אַנדערע קלײ־נע געגנשטאַנדן, עטלעכע הונדערט װאַגאָנען פאַרשידענע מינים קלײדונג, װעש און אַנדערע גענוצטע טעקסטיל־זאַכן **).

בלויז בריליאַנטן זײנען, לויט אינפאָרמאַציעס, װעלכע רײזמאַן האָט באַקומען פון אײנעם אַ ײך, װאָס האָט געאַרבעט בײם פּאַקן װערט־זאַכן, גאָלד און דעװיזן — האָט מען אַרויסגעפירט העכער 14 טויזנט קאַראַט. װי מיר זעען איז דער דײטשער יידן־מאָרד געװען נישט אין דער לעצטער ריי אַ גראַנדיעזער רויב־מאָרד.

---

*) פּראָטאָקאָל פון שמואל רײזמאַן, ארכיוו פוּז צ. יי. ה. ק. אין לאָדזש.
**) דאָרט

# די קאַפּאַטשקע

צו דער טעכנישער אויסשטאַטונג פון דעם מאָרד־באַטריב געהערט צוו. אַנד. אַ מעכאַנישע גראָב־מאַשין, די עקסקאַוואַטאָר, דער „באַגער“, אָדער ווי די טרעבלינקער האָבן עס גערופן — די „קאָפּאַטשקע“, אין דער ערשטער צייט, ווען מען פלעגט נאָך אַלע מתים באַגראָבן אין דער ערד, האָט זי כסדר געגראָבן גרויבער — אין פאָדערשטן טייל לאַגער ביים „לאַזאַרעט“ און אויך ביי די גאַז־קאַמערן. אַרויסגענומען פון די גריבער מיט אירע שופלעס מעטער־צענטנס ערד. דערנאָך, ווען מען האָט אָנגעהויבן די מתים ברענען און פאַרווישן די שפורן פון פאַרברעכן, האָט זי מיט די זעלביקע שופלעס אַרויסגעשלעפט פון דער ערד הויפנס מתים.

אַזוי אָדער אנדערש האָט ער כסדר געשוויצט און געאַרבעט, דער דייטשער האָמונקולוס פון טרעבלינקע. זיין קלאַפּן איז געווען אין דער געגנט דער כאַראַקטעריסטישער קלאַנג פון טויטן־לאַגער. אַנטלאָפענע פון דאָרט פלעגן זיך לויט דעם קלאַנג אָריענטירן אין די נעכט, צי דערווייטערן זיי זיך פון דעם לאַגער, אָדער בלאָנדזשען זיי אין דער פינצטער און קומען צוריק אויף דעם זעלבן אָרט.

מיט דער צייט האָט מען אַר[illegible] קיין טרעבלינקע נאָך צוויי קאָפּאַטשקעס. אויב היטלער זאָל געווען זיגן, וואָלט איינע פון זיי אפשר זוכה געווען פאַר אירע פאַרדינסטן צו באַקומען אַן אָרט אין אַ דייטשן מלחמה־מוזיי. האַנט אין האַנט מיט מאָדעלן פון קאַנאָנען און טאַנקן. זי האָט טאַקע געהאַט פאַרדינסטן. געאַרבעט טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט געגראָבן גריבער, געקלאַפּט... דער אייזערנער גולם, די קאָפּאַטשקע, דאָס מעכאַנישע האַרץ פון מעכאַנישן מאָרד־באַטריב אויף הרגענען יידן.

# די אסירים אין טרעבלינקע

מיר האָבן שוין אַנאַליזירט די ייִדישע טעכניקע, דעפינירט די פענאָמענען: די דייטשן האָבן געשאַפן אַ פאַרניכטונגס־וויסנשאַפט און מיר האַלטן ביים שאַפן אַן אומקום־וויסנשאַפט.

דאָס דייטשע פאַרברעכן וואָלט נישט געווען פערפעקט, ווען זיי נוצן נישט דערצו ייִדישע הילפס־אַרבעט.

מיט אַ באַזונדערן טויט — די עיקר־פּראָדוקציע — שטאַרבן אין טרעבלינקע די מאַסן און מיט אַ באַזונדערן די ייִדישע באַדינער פון דעם מאָרד־באַטריב. זייער ערב־טויט־פּיין ציט זיך לענגער און איז געמישט מיט אינטערוואַלן פון האָפענונג. פאַרוואַנדלט אין אַ דעליריום פון געשפּאָלטענע געפילן, איז זי אין לעצטן סך־הכל אפשר נאָך שווערער, ווי יענע אין גאַז־קאַמער.

איבער טויזנט זיינען זיי, די ייִדישע אַרבעטער; אַן ערך 500 ביז 600 אין ערשטן טייל לאַגער, אַן ערך 300 ביי די „קאַמערן". זייערע עיקר־אויפגאַבן: 1) דאָס אָפּרוימען די ירושה פון די דער־הרגעטע; 2) דאָס אָפּרוימען פון די מתים; 3) דאָס מאַסקירן און אָפּרוימען די שפּורן. יעדעס געביט דעטאַלירט אין ספּעציעלע פונקציעס, די מחנה איינגעטיילט אין „קאָמאַנדאָס". כסדר דעצי־מירט דורך סעלעקציעס און אָן סעלעקציעס, אויך דורך זעלבסט־מאָרדן, כסדר קאָמפּלעטירט פון די נייע אָנקומענדיקע טראַנספּאָרטן.

צום לענגסטן האַלטן דאָ אויס פאַכלייט אין וואַרשטאַטן און בוי־פאַכלייט, באַשעפטיקטע ביים פאַנאַנדערבוי און רעמאָנט פון די לאַגער־בנינים. ווען מען הייבט אָן, נאָך הימלערס באַזוך, פעברואַר

1943, אַרויסציִען פון גריבער און ברענען די מתים, ווערט די „מתים־קאָמאַנדאָ" פירפאַך פאַרגרעסערט.

צו די וויכטיקסטע קאָמאַנדאָס געהערט די גאַנצע צייט די „טאַרנונג־קאָמאַנדאָ", וואָס האָט די פונקציע צו האַקן אין וואַלד צווייגן און אַרומשטעקן מיט זיי די שטעכיקע דראָטן פון די פאַר־צוימונגען. נענטער ווי אויף אַ קילאָמעטער איז געווען פאַרבאָטן צוצוגיין. דאָס מיט סאָסנע־ביימלעך אַרומגעשטעקטע מתים־פעלד האָט אין האַרבסט 1942 אויף אַ וויציקן אופן געהייסן „קינדער־גאַרטן". די באַשטימונג פון די ביימלעך איז געווען צו פאַרשטעלן דאָס אינעווייניקסטע פון דעם לאַגער פאַר דרויסנדיקע אָבסער־וואַטאָרן.

ווי אַזוי פאַרהאַלטן זיך די יידן אין גיהנום? אין דעם דאָזיקן אָרט, וווּ יעדער ווייסט, אַז קיין לעבעדיקער וועט ער פון דאַנען נישט אַרויס, וווּ עס פאָדערט זיך שוין אַ באַזונדערע גייסטיקע קראַפט נישט אַרונטערצופאַלן אונטער דער גראַוויטאַציע צום טויט,ביים אָנבליק פון אַזויפיל טויטע, וווּ עס איז אַ גרויסע קונץ אפילו בכלל נאָך וועלן לעבן. ווי אַזוי האַלטן זיי עס טאַקע אויס די יידן, וואָס אַרבעטן דאָ? צי זיינען זיי אַזעלכע גרויליקע, לעבעדיקע געשפּענסטער, צו וועמענס רייד און געדאַנקען עס איז אַ מורא זיך צוצורירן, ווי מיר האָבן אָפּשיי פאַר אַ מגע־ומשא מיט געשטאָרבענע? ניין, זיי, די צום טויט־פאַרמשפּטע, מיטן טויט פאַרחברטע, אַ יעדע רגע צווישן צענער טויזנטער מתים, פון צענד־ליקער טויטן באַדראָטע — היטן אָפּ זייער פלעמעלע לעבעדיקער מענטש, זייער פלעמעלע „איך", אפילו זייער פלעמעלע ייד. אין טויזנט־פאַכיק גרויליקן אָרט.

ווי אומהיימלעך זיינען די אויטאָמאַטיזמען פון דער מענטש־לעכער נאַטור! ווי שרעקלעך ווירקן זיי אפילו אין ווייט ווייניקער דראַמאַטישע צוזאַמענשטויסן ווי דער, וואָס רופט זיך תלין־קרבן־קאָמפּלעקס!

דאָס, וואָס די יידישע אַרבעטער אין טרעבלינקע מאַכן אַדורך,

איז ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך צו דעם, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אין אַנדערע לאַגערן פון דעם מין.

צוליב מורא פאַר דייטשע קאַנאַליעס, ווערן אַ טייל יידן אַליין קאַנאַליעס. שלאָגן אַנדערע יידן, מסרן. אַנדערע ווערן באַלוואַנעס. אָבער פאַראַן אַזעלכע — און גאָר נישט ווייניק — וואָס בלייבן מענטשן, ווי געווען. נייך — זיי וואַקסן נאָך אויס. אין די באַדינגונגען פון אַ טעראָר, וואָס שטייגט נאָך אַריבער דעם טעראָר פון אַ מאַידאַנעק, אָדער אָשוויענטשים און אין אַן אָרט, וווּ די פּסיכישע דעפּרעסיע איז שווערער צו דערטראָגן, ווי וווּ נישט איז — ווערט אויסגעשפּינען און אַדורכגעפירט מיט דערפאָלג דער פּלאַן פון אַ מרידה, אפשר דער איינציקער פאַקט פון דעם פאַרנעם אין אַ לאַגער אויפן גאַנצן שטח פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

ספּאָראַדישע אַטענטאַטן און נקמה־אַקטן זיינען סיי אין טרעבלינקע, סיי אין אַנדערע לאַגערן פון אַלע מינים פאַרגעקומען אַסך מער, ווי מען ווייסט איצט און ווי מען וועט זיך ווען עס איז דערווּיסן. אַן אַקט פון גרויסן מוט איז געווען, בפרט דער מיט פּרעמעדיטאַציע צוגעגרייטער און אויסגעפירטער אינדיווידועלער אַטענטאַט פון דעם אַרגענטינער בירגער מאיר בערלינער, וואָס האָט דעם 10־טן סעפּטעמבער 1942 דערשטאָכן אויף טויט דעם ס.־ס.־מאַן מאַקס ביעל — דעם היטלעריסטישן „קדוש", אויף וועמענס נאָמען מען האָט דערנאָך אָנגערופן די דייטשע באַראַקן אין טרעבלינקע*).

די מרידה, אָדער אפילו בעסער געזאָגט, דער אויפשטאַנד אין טרעבלינקע, איז נאָך לאַנגע צוגרייטונגען צושטאַנדגעקומען דעם 2־טן אויגוסט 1943. אין האַרבסט פון דעם זעלבן יאָר איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ מרידה אין סאָביבאָר. איבערפאַלן אויף דער דייטשער וואַך און געלונגענע אָדער אומגעלונגענע פּרוּוון פון אנטלויפן זיינען געוואָרן אָרגאַניזירט אויף זייער אַסך ערטער. דאָס פּאָזיטיווע פון דער טרעבלינקער מרידה איז דאָס, וואָס זי איז גע־

---

*) מאקס ביעל קאסערנע



8. **טרעבלינקע:** אַ קופּע זאַמד אויסגעמישט מיט מענטשלעך אַש און מענטשלעכע ביינער

שטאַנען אונטער דער בולטער גייסטיקער השפעה פון דעם וואַר־שעווער געטאָ־אויפשטאַנד און האָט אין איר פלאַן געלייגט געוויכט נישט אַזויפיל אויף ראַטעווען דאָס לעבן פון די באַטייליקטע, ווי אויף דורכפירן אויפגאַבן: פאַרניכטן דעם לאַגער, אויסהרגענען די עס־עס און אפילו באַפרייען די יידישע און פוילישע אַרבעטער פון שכנותדיקן שטראָף־לאַגער טרעבלינקע 1.

שווער זיך פאָרצושטעלן עפעס מער שפּאַנענדיקס און מענטש־לעך דערהויבנס, ווי די אַנטוויקלונג פון דער קאָנספּיראַציע אין טרעבלינקע, דער אויסברוך פון דער מרידה און דאָס אַנטלויפן פון אַ טייל אסירים. די רעזולטאַטן זיינען נישט געווען און האָבן נישט געקאָנט זיין קיין הונדערט־פּראָצענטיקע, אָבער, כאָטש אַזוי, גע־הערט די טרעבלינקער קאָנספּיראַציע און דער אויפשטאַנד אין טרעבלינקע צו די ליכטיקסטע קאַפּיטלען אין דער פינצטערער געשיכטע פון יידישן אומקום אין פוילן. צו די דערשיטערנדיקסטע נצחונות פון מענטשלעכן מוט, שכל און ווילנסקראַפט איבער טע־ראָר, פערפידיע און ברוטאַלער איבערמאַכט.

## „קיווע" מיט „בעריש"

אַחוץ נעמען — אַחוץ די מיט ציינקריצעניש אַרויסגערעדטע געוויינלעכע דייטשע פאַמיליע־נעמען, אַזעלכע ווי שטענגעל, פראַנק מיטע, שפּעצינגער, פאָסט א. אַ. וו. האָבן די דייטשן געהאַט צונע־מען. ווי אומעטום. אַ ביסל איז עס אַן עלעמענט פון געהיימען פאַר־שטענדיקן זיך צווישן די אסירים, און אַביסל קומט דאָ צום אויס־דרוק יידישע פאָלקס־חכמה, אַפילו פאָלקס־הומאָר. אַ מאַקאַברישער הומאָר, אָבער הומאָר. געווען יידן, וואָס האָבן אין די צונעמען פאַרפלאָנצט עפּעס אַ זכר פון זייער היים.

איינעם אַ סאַדיסט אין טרעבלינקע האָט מען גערופן „קיווע".

— פאַרוואָס עפּעס קיווע? — פרעג איך אַ שאלה און ווער געוווּיר, אַז דער פאַרשוין האָט טאַקע געהייסן מיטן דייטשן נאָמען קיווע (געשריבן מיט אַן „u" אומלאוט), אָבער יידן האָבן אים גערופן „קיווע" האָבן זיי דעם נאָמען געהערט אויף יידיש און זיי האָבן אים נישט געכשרט אויף דעם אופן. זיי האָבן אים בלויז — לעכערלעך געמאַכט.

אַ צווייטן מנובל האָט מען גערופן „בעריש".

— פאַרוואָס בעריש?

דעם נאָמען האָט אים געגעבן אַ ייד פון אָטוואָצק. דער חברה־מאַן, אויב ער האָט זיך צו וועמען צוגערירט, האָט ער אים שוין קיין לעבעדיקן פון זיינע הענט נישט אַרויסגעלאָזט, און דער אָטוואָצקער קברן האָט געהייסן בעריש. דער חילוק איז געווען בלויז דער, וואָס דער אָטוואָצקער בעריש האָט משלח געווען אויף יענער וועלט יידן, וואָס זיינען אַליין געשטאָרבן, און דער טרעב־

לינקער, להבדיל, האָט זיי אַהין עקספּעדירט מיט פּייטש און רע־וואָלווער.

דעם סאמע אָבערסאדיסט פון דעם לאגער קורט פראַנץ, וואָס האָט דאָ, אַדאַנק זיינע גרויסע „פעיקייטן" אַוואַנסירט אויף אינטער־שטורמפירער און וויצע־קאָמענדאנט פון דעם לאגער, האָבן יידן גערופן „ליאלקע". ווייל ער איז געווען שיין ווי אַ ליאַלקע. שיין ווי אַ מלאך און שלעכט ווי אַ טייוול. אפשר האָט מען אין דעם דאָזיקן צונאָמען באַטאָנט דעם דאָזיקן קאָנטראַסט.

געווען אויך אַ לאָקאלער „פראנקענשטיין". דער דאָזיקער נאָ־מען פון פילם־מאָנסטרום, דעם געפערלעכן גולם פון דעם עקראַן, איז געווען זייער פּאָפּולער אין לאגערן און אין געטאָס. דער טרעב־לינקער נאָמען האָט שוין אָבער מסתמא געשטאַמט פון דער צווייי־טער האַנט. אַ גילגול פון דעם צונאָמען פון אַ וואַרשעווער זשאַנ־דאַרם, וואָס פלעגט פארן גירוש, יעדעס מאָל, ווען ער האָט געהאַט דינסט ביי אַ געטאָ־אויסגאַנג — אַוועקשיסן עטלעכע יידן.

באַרופן פון געראַטעוועטע טרעבלינקער: אַ רייזנדער, אַן עקספּעדיטאָר, אַ צושניידער, אַ שוסטער, אַ בוכהאלטער.

באַרופן פון די הענקער: אַן עלעקטראָטעכניקער, אַ סוחר, אַ בעקער, אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער, אַ קעלנער („די ליאַלקע").

און אָט אַזעלכע צוויי מענטשן־גרופּן, פאַרשטייער פון אַזעלכע באַשיידענע און טאָג־טעגלעכע געזעלשאַפטלעך פּאָזיטיווע מענטשן־קאַטעגאָריעס, ווערן איינגעשלאָסן אין אַ כישוף־קרייז פון אַ ספּעציעל־געשאַפענער קאָנסטעלאַציע און צווישן זיי שפּילט זיך אָפּ אַזאַ משונהדיקע, גהינום־דראַמע.

דאָס איז דער פּועל־יוצא פון דעם סיסטעם. פון איין זייט טאָטאַל פאַרשקלאַפן און פון אַלץ טאָטאַל באַרויבן דעם מענטש. פון דער אַנדערער זייט טאָטאַל אים דעפּראַווירן. דאָס איז דער פּועל־יוצא פון דעם היטלעריסטישן טאָטאַליזם.

אין טרעבלינקער קאָנספּיראַציע און מרידה האָבן די יידן אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן מאָראַלישן נצחון איבער דעם סיסטעם.

# אַ ייד דערציילט

צווישן די טרעבלינקער, וואָס פאַרן מיט אונז, איז פאַראַן אַ זעלטענע פירה — אַן עדות, וואָס קיינער האָט אים נאָך נישט אינטערוויואירט. ער הייסט תנחום גרינבערג, אַ שוסטער פון בלוינע, אַ יידישער פאָלקס־מענטש מיט אַלע פיטשעווקעס. אַ שטיק פאָלקס־געזונט אין יעדער פון זיינע תנועות און העוויות *). און דווקא ווילט זיך מיר איבערגעבן פון דעם געשפרעך מיט אים נישט דאָס מאַקאַברישע. בעסער עפּעס פּערזענלעכס.

אין יאָר 1941 איז תנחום געוואָרן עוואַקויאירט פון בלוינע אין ווארשעווער געטאָ. נאָך אַ יונגער בחור דעמלט, איז ער פונדעסט־וועגן געווען דער ראש און שפייזער פון זיין משפחה — אַ מוטער מיט דריי יינגערע ברידער און אַ שוועסטער, כדי צו זיין געזיכערט פאַר די כאַפּעונישן אויף ארבעט, איז ער שוין פאַר דער אַקציע אַריינגעטרעטן אין „שאָפּ" צו שולצן. געאַרבעט דריי טעג „פאַרן דייטש" און דריי פאַר זיך, ווי נישט איז פאַרדינט אויף פרנסה. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די בלאָקאַדעס, האָט תנחום אַרויסבאַקומען אַ צעטל פון דער פירמע פאַר זיין משפחה, אַז זיי זיינען געזיכערט פאַרן אַרויספירן. אין אַ וואָך אַרום אָבער, ווען ער איז פאַרנאַכט אַהיימגעקומען פון שולצן, האָט ער געטראָפן די שטוב ליידיק. אַ טייל שכנים זיינען נאָך געווען, וואָס האָבן זיך געהאַט באַהאַלטן, אָבער תנחומס נאָענטע האָבן זיך פאַרלאָזט אויף דעם „אויסווייז" און קיין איינס פון דער משפּחה האָט מען נישט איבערגעלאָזט.

— אויף דער קיך — מאָלט תנחום זיין איינדרוק פון דער

*) אין די זאמלונגען פון דער ווארשעווער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע געפינט זיך אַ זייער אויספירלעכע שילדערונג פון טרעבלינקע, אויפגענומען ביי ת. גרינבערג, נאָך דער עקספּעדיציע פון 7-XI.

לײדיקער הײם — זײנען נאָך געשטאַנען אין אַ טעפּל קאַרטאָפּל, האַלב אָפּגעקאָכט און קאַלט. דאָס פײער אונטער דעם קיך איז אָפּגעגאַנגען...

ער האָט זיך דעמלט אַנידערגעזעצט אײנער אַלײן אין שטוב און האָט געװײנט.

— דרײ מאָל אין מײן לעבן האָב איך געװײנט — גיט הנחום צו אַ ראַנד־באַמערקונג צו זײן סיפור־המעשׂה. דאָס ערשטע מאָל, װען דער טאַטע איז מיר געשטאָרבן. אַלט געװען 46 יאָר, קראַנק געװען אויף אַ ראַק. דאָס צװײטע מאָל, װען מען האָט מיר צוגע־נומען די מאַמע מיט די קינדער. און דאָס דריטע מאָל...

— דאָס דריטע מאָל שױן הערט, נאָך אַלעמען, װען כ׳בין שױן געװען אויף דער פרײ.

— מיר האָבן זיך דעמלט צונױפגעקליבן לעבעדיקע ייִדן, אַ קאָמ־פּאַניע אַ גאַנצע, אין שטעטל סטערדען, טאַקע אָט דאָ, נישט װײט פון סאָקאָלאָװ און פון טרעבלינקע. איך האָב זיך אין דעם שטעטל געהאַט אויסבאַהאַלטן פון זינט נאָכן אויפשטאַנד. האָבן מיר זיך גע־מאַכט אַזאַ מין שטיקל שמחה, נאָך דער באַפרײונג. און געװען זײנען צװישן אונדז עטלעכע סאָװיעטישע זעלנער, ייִדן. אײנער אַן אָפיציר פון לעבן כאַרקאָװ און אײנע אַ מײדל, װאָס האָט געקאָנט שפּילן אויף אַ פידל. האָט זי געשפּילט זײער שײן. מיר האָבן געטרונקען בראָנפן. איז דער סטאַרשע לײטענאַנט, דער ייִד, געװאָרן אַביסל בגילופין. און אַז דאָס מײדל האָט געשפּילט און געשפּילט, איז ער געװאָרן זײער טרויעריק און דערנאָך זיך אַװעקגעשטעלט אינמיטן שטוב און געזאָגט פאַר אונדז אַזאַ דרשה.

„כ׳האָב אויך געהאַט אַ הײם. כ׳האָב געהאַט אַ װײב און אַ קינד פון 5 יאָר, אַ ייִנגעלע. װען די דײטשן האָבן אָנגעהויבן הרגענען, האָט זי אײנער געהאַט באַהאַלטן, האָט אַ צװײטער אָנגע־װיזן און האָט זײ אויסגעגעבן. האָט מען זײ דערהרגעט און דעם געהרגעטן, װאָס האָט זײ באַהאַלטן. און דער, װאָס האָט זײ אויס־

געגעבן, לעבט. וואָלט איך געדאַרפט צוריקפאָרן אין דעם שטעטעלע און נעמען מיין נאָגאַן און שיסן דעם מענטש. און שיסן זיין גאַנצע פאַמיליע. טאָר איך דאָס נישט טאָן און וויל דאָס נישט טאָן. און סיי ווי ווערט דאָס שוין גאָרנישט העלפן. וועל איך שוין קיינמאָל אַהין נישט צוריקפאָרן. און כ׳וועל שוין קיינמאָל נישט האָבן קיין היים. פאַר מיר איז נאָר בראָנפן און בראָנפן״.

— און ער האָט זיך אָנגעזעצט ביים טיש און האָט ווייטער געטרונקען, און ווייל דאָס מיידל האָט ווייטער געשפּילט. אין דער סאָוויעט האָט אַזוי גערעדט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אַלע יידן זיינען מיר היינט אַזוי, און מיך האָט אָנגעכאַפּט אַזאַ געוויין, אַזאַ געוויין... איך בין אריין אין אַ צווייטער שטוב און האָב אַזוי גע־ווינט, זאָג איך אייך, ווי אַ קליין קינד.

תנחום איז געווען אַן עדות פון מאיר בערלינערס אַטענטאַט אויף ביעלן דעם 10־טן סעפּטעמבער 1942. אין טרעבלינקע האָט ער געאַרבעט אין שוסטער־ווארשטאַט. די אַרבעט ביי די דייטשן רופט ער „ווי ביי פּרעהן אין מצרים״, אין טרעבלינקע — זאָגט ער — איז מען געווען יעדן טאָג ווי „יצחק אויף דער עקידה״.

# מאיר קאַפּאַ

און נאָך דערציילט תנחום וועגן איינעם אַ בחור — אויך אַנדערע דערמאָנען וועגן אים — האָט ער געהייסן ביי זיי „מאיר קאַפּאַ". ער איז געווען אַ זון פון אַ סופר און האָט געהאַט אַ זייער שיין קול צום זינגען. ער איז געווען אַ פרומער. האָט ער איינגעפירט, אַז יעדן אָוונט נאָך דער ארבעט, ווען מען איז שוין אַלע געווען פאַרמאַכט אין באראק, פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן דאַווענען מעריב און מאַכן אַן „אל מלא רחמים" (תנחום זאָגט „קייל מלא רחמים"). דערנאָך האָבן די יידן אין באראק אויף אַ קול געזאָגט קדיש.

— און די דייטשן און די אוקראַינער? — פרעג איך — האָבן זיי אייך דערפאר גאָרנישט געטאָן?

— אַ שיינע מעשה — ענטפערט תנחום — איר ווייסט אַפּנים נישט וועגן דער מוזיק אין טרעבלינקע. (אַ שאלה צי איך ווייס!) איר ווייסט נישט, ווי דייטשן האָבן ליב געהאַט יידישע שטיקלעך? זיי פלעגן נאָך קומען האָרכן אונטער די פענצטער. ביז ער איז נישט געוואָרן דערשאָסן, איז ער דאָך דערפאר געווען ביי זיי אַ חשוב, אַ קאַפּאָ, כאָטש ער האָט אונז קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן.

איך ווער פארגאפט פון דעם בילד, ווי די מערדער שטייען ביינאַכט אונטער די פענצטער און האָרכן דעם יידישן „אל מלא רחמים" נאָך די טויטע, וואָס זיי האָבן אליין אומגעבראַכט.

און נישט ווייט איז אַ וואלד. און אַרום איז אַ פעלד, אַ טויטן־פעלד.

# חיימל מיטן פערדעלע

די מעשה וועגן מאיר קאַפּאָ רופט אַרויס ביי די טרעבלינקער אַ שלל דערמאָנונגען. איינער דערציילט וועגן יום־כּיפּור אין טרעב־לינקע. וועגן אַזוינע, וואָס האָבן געפאַסט. אַ צווייטער דערמאָנט וועגן דעם, אַז אין טויטן־לאַגער האָט מען אויף פּסח געבאַקן מצות. און נאָך איינער דערמאָנט זיך, אַגב אורחא, אַזאַ מעשה, וואָס עס איז זי כּדאַי צו פאַרצייכענען.

זי קלינגט בפירוש, ווי איינע פון די אַלטע פאָלקס־מעשיות וועגן יידישן מסירת־נפש.

— חנוכה — דערציילט שמעון פרידמאַן פון שטראָף־לאַגער טרעבלינקע 1 — האָט זיך איינעם אַ ייד איינגעגעבן צו באַקומען ערגעץ אַ פּאָר ליכטלעך און ער האָט געבענטשט אויפדערנאַכט אין באַראַק חנוכה־ליכט. איז דורכגעגאַנגען אַן אוקראַאינישער וואַכמאַן, דערזען די ליכטלעך און אַריין מיט אַ ירגזון: ווער האָט די ליכטלעך אָנגעצונדן? פאַרשטייט זיך, אַז ווי ער האָט די טיר געעפנט, האָט מען שוין די ליכט געהאַט פאַרלאָשן און קיינער האָט נישט געוואָלט זיך מודה זיין. מאַכט דער אוקראַאינער: „וואַרט, וואַרט, איר ווילט נישט אויסזאָגן? ביי מיר וואָלט איר אָפּגעקומען מיט אַ שטראָף, אָבער אַז כ'וועל מעלדן די דייטשן, וועט איר שוין זען, וואָס דאָ וועט זיין.

מען האָט אים געמעגט גלויבן. די סכּנה איז געווען אַ גאַנץ ערנסטע און די יידן האָבן זיך אָנגעהויבן אַמפּערן, וואָס טוט מען. נישט דער אמתער חייב, נישט קיין אַנדערער פון די אַסירים, איז פונדעסטוועגן נישט געווען קיין בעלן צו נעמען אויף זיך די שולד.

דאַן האָט זיך ארויסגערוקט פון זיין ווינקל אַ 15־יעריק בחורל מיטן נאָמען חיימל. זיין פונקציע אין לאגער איז געווען גיין אַרום אַ קליין פערדעלע, שפּאַנען עס יעדן וואָרעמעס איז אַ וועגעלע און פאָרן דערמיט ברענגען עסן פאַר אַ גרופּע פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער וועשעריי. ער איז געווען דאָס יתומל און ליבלינג פון אלע.

— איך האָב אָנגעצונדן די ליכט — האָט זיך אָנגערופן היימל

— איך האָב היינט יאָרצייט נאָך מיין מאמען און ביי אונז צינדט מען ליכט אין אַ יאָרצייט.

און דאָס יינגעלע האָט גענומען די 25 שמיץ, אויסצולייזן אַן עדה יידן פון שרעק.

# אַ פּאַליאַק דערציילט

פון שעדלעץ פאָרן מיר מיטן אויטאָ ביז סטאַראָסטעוויץ. איך באַקום דעם פּלאַץ אין שאָפער־בידל, און אויך דער שאָפער מיטן נאָמען מאַרזשעק — אַ סימפּאַטישער יאַט, אַ יונג מיט ביינער, וואָס האָט אין אָקופּאַציע־צייט געהאַלטן ביי זיך אין שטוב א ראַדיאָ און... אַ יידישע פרוי מיט אַ קינד — איך ער האָט צו דערציילן מעשות וועגן יידן, וועגן טרעבלינקע.

ער דערציילט אַזוי פּשוט, אַזוי זאַכלעך און קורץ. וועגן יענע טעג, וועגן דער אַקציע אין שעדלעץ, ווי מען האָט אַוועקגעשטעלט טישן אינמיטן מאַרק, „עס האָט זיך אָנגעהויבן די צערעמאָניע". ביי די טישן דער שטאַב, קודם זיך אָנגעפרעסן און אָנגעטרינקען און דערנאָך צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. „די אַלטע און די שוואַכע האָט מען ביי אונז אַוועקגעשאָסן אויפן אָרט". „אין טאָמער האָט מען איינעם צוגעטיילט אויף לינקס, דאָרט, וווּ עס זיינען געשטאַנען די ווייבער מיט קינדער, איז קלאָר געווען, אַז ער איז אויף טויט".

מיט דעם פּרינציפּ האָט ער אַמבעסטן אויפגעפּאַסט פון דער דייטשער טאַקטיק — דער פּוילישער אָבסערוואַטאָר — אַז אייב פרויען, קינדער, אַלטע, קראַנקע, איז מיט זיי וועט מען טאָן דאָס ערגסטע.

פון די טראַנספּאָרטן האָבן מענטשן געפּרוּווט אַנטלויפן און לענגאויס די באַן־שינעס פּלעגן יענעם זומער אויף טריט און שריט ליגן הרוגים.

דערנאָך האָבן זיי אין שעדלעץ געמאַכט אַ פּויזע. מען האָט צוגעזאָגט די יידן, וואָס וועלן אַרבעטן, מער נישט צו משעפּען.

געהייסן זיי צוריקקומען אין זייערע היימען. „עס האָט זיך געהאנ־
דלט אין דעם — גיט מאַרזשעץ צו זיין פּירוש — אַז די יידן, וואָס
האָבן זיך געהאַט אַרויסבאַקומען אין די וועלדער, אין די דערפער.
זאָלן זיך צוריק אויפקלויבן אין איין אָרט. און ווען די מענטשן זיינען
שוין געווען צוריק אין שטאָט, זיינען אין די סאַמע „טראָמבקעס״
(ראש־השנה) געקומען די „שקאָפּעס״ *) און אויך זיי, אַלע פאַר־
זאָרגטע מיט אַרבעט און כלערליי אויסוויזן, פאַרלאָדן אויף דער
באַן און אַוועקגעפירט. געהייסן צונעמען די בוזשניצע און געמאַכט
אַ סוף״.

*) פּוילישער שנאה־נאָמען פאַר די דייטשן.

# מענטשן און מענטשיסקעס

אַלע פֿאַליאַקן פֿון דער געגנט, פֿון שעדלעצער און בפֿרט פֿון סאָקאָלאָווער פּאָוויאַט, האָבן אַסך געזען, ווייסן אַסך. אין שטעטל קאָסאָוו האט מען גוט געקענט די דייטשן און די אוקראַינער פֿון טרעבלינקע, וואָס פֿלעגן אַהין קומען הוליען, שיכורן, זיך פּאָטאָ־גראַפֿירן. דער ריכטער לוקאַשקעוויטש האָט שוין פֿאַרשריבן מיט פּאָליאַקן פֿון דער געגנט אַסך פּראָטאָקאָלן. אין דער ערשטער ריי מיט די באַן־אָנגעשטעלטע פֿון די סטאַציעס, דורך וועלכע עס פֿלעגן דורכ־פֿאָרן די טראַנספּאָרטן. די פּויערים פֿון דער געגנט האָבן געזען די פֿייערן פֿון די טרעבלינקער מתים־שייטערס אין די נעכט. צו זיי האָבן געמוזט אָנקומען נאָך הילף אַלע אַנטלאָפֿענע פֿון טרעבלינקע. טייל יידן האָבן געפֿונען הילף, אַ טייל — רויב, מסירה און טויט.

„פֿאַראַן מענטשן און מענטשיסקעס" — קרעכצט אונזער שאָפֿער און עס קרעכצן די טרעבלינקער. אָבער יעדער פֿון זיי, די געראַטעוועטע, האָט פֿונדעסטוועגן געפֿונען אַ מענטש אַ פּוילישן, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און געגעבן הילף. פֿאַר פֿרידמאַנען האָט אַ פּויערטע אין אַ פֿאַרטאָג אַ צעבער וואַסער אָנגעוואַרעמט, די וואונדן אויסגעוואַשן און פֿאַרבונדן מיט אַ ריין שטיק ליווונט. געגעבן אַ פּידע ברויט אין האַנט און אַ שטעקן, ער זאָל זיך האָבן אויף וואָס אָנצושפּאַרן. געוויזן דעם וועג: גיי און זיי מצליח! ביים ראַנד פֿון אַ צווייטן דאָרף, נישט ווייט פֿון וועלכן ער פֿלעגט אָפּליגן דעם גאַנצן טאָג מיט דער היץ פֿון זיינע וואונדן, באַהאַלטן אין אַ סטייגל תבואה, האָט ער אַ צווייטן בעל־הבית געפֿונען, וואָס פֿלעגט

אים יעדן אויפדערנאכט אַרויסטראָגן פון שטוב אַ ביסל עסן און אַפילו אַ פּאַפּיראָס צום פאַרויכערן. דעם דאָזיקן פּאַפּיראָס געדענקט אים דער מאַנסביל מיט נאָך מער דאנקבארקייט, ווי דאָס עסן, אַדאנק וועלכן ער האָט זיך ביים לעבן דערהאַלטן. שפּעטער איז דער פויער געווען דער ערשטער, וואָס האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה, אז ער איז שוין א באפרייטער, אז אין א דאָרף דערנעבן זיינען שוין אריין די „רוסקי".

אַ צווייטער פון אונזער קאָמפּאַניע יחיאל רייכמאַן, וואָלט וועלן געניטיק צופאַרן עטלעכע קילאָמעטער מיטן אויטאָ, כדי צו באזוכן „זיינעם" אַ פויער, אָפּגעבן אים מיט דאנק אַ ניי העמד, פאַר דעם העמד, וואָס יענער האָט אים געשענקט, ווען ער איז א פאַרבלוטיקטער און צעניזוקטער געלאָפן פאַר זיך, נאָכן אויפשטאנד און פון אַלע זייטן האָט נאָכגעיאָגט די אָבלאווע... נאָך איינעם, שמואל רייזמאנען, האָט געגעבן הילף אַ מכלומרשטער פויער, אינדעראמתן אַ ריכטער, וואָס האָט זיך באזעצט איבער דער צייט פון דער אָקופּאַציע ביי זיין משפּחה אין אַ דאָרף און אַליין אַ פאַרקאָנספּירירטער אַריינגענומען צו זיך עטלעכע יידן אַנטלאָפענע נאָכן אויפשטאַנד. איבערגעהאלטן זיי אַ גאַנץ יאָר, ביז דער באפרייונג.

ערגעץ איז דאָ אויך פאראַן אין דער געגנט אַ בעל־הבית, וואָס האָט זיך אליין קוים אָפּגעראַטעוועט, בשעת מען האָט אים פאַר איבערהאַלטן יידן אונטערגעצונדן די שטוב און די באַלעבאַטישקייט.

ביי נאָך אַ משפּחה האָט מען פאַר אזא מעשה געשאָסן אַ טאַטן מיט צוויי זין.

# איבער דעם אָרט וועט תמיד שטיין אַ נעפל

ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין קאָסאָוו, איז דאָרט געווען אַ מאַרק־טאָג. מחנות פויערים מיט פויערטעס, פורן, בהמות, פערד. די מיליץ ווייסט שויך, אַז מיר דאַרפן קומען. עס וואַרט שוין דאָ אויף אונז דער פּראָקוראָר, דער ריכטער, דער געשווירענער געאָמעטער, ווי אויך דער פּרעזעס פון סאָקאָלאָווער נאַציאָנאַל־ראַט מיט אַ גרופּע מיליציאַנטן און דער סאָלטיס פון דאָרף וואָלקאַ אָקראָנגליק, וואָס אויף זיין שטח איז געבויט געוואָרן דער טרעבלינקער לאַגער. ווען מיר פאָרן פאַרביי דעם מאַרק־פּלאַץ, דערהערט זיך ערגעץ פון צווישן עולם אַ פייפן. מיר געדענקן וועגן דעם, אַז אין קאָסאָוו־לאַצקי זיינען נישט לאַנג גאָר נישט געהרגעט געוואָרן 11 ייִדן, אַז אין דער געגנט זיינען פאַראַן אַסך שונאים, אַן עלעמענט פון נייע גבירים, רייך און ממילא דעפּראַווירט געוואָרענע צוליב דער שכנות מיטן טויטן־לאַגער. מיר געדענקען, אָבער — מיר טראַכטן נישט איצט וועגן דער סכנה.

דעם גאַנצן אינדערפרי איז געווען אַ פּראָסטיק און זוניק, שיין וועטער. איצט, נאָך 2 בייטאָג, ווען מיר פאַרלאָזן דאָס שטעטל און פאַרנעמען זיך מיט אַ זייטן־וועג אויף די לעצטע 10 קילאָמעטער קיין טרעבלינקע — פאַלט פּלוצים אַראָפּ אויף דער גאַנצער געגנט אַ מאָדנער נעפל.

ווען מיר זיינען געפאָרן ביז אהער, האָבן די טרעבלינקער, איינער פאַרן אַנדערן גערעדט, געהאַלטן אין איין אויספּיינען זיך מיט זייער קענטשאַפט פון דעם געגנט. איצט זיינען זיי אַלע מיטאַמאָל גע־

בליבן שטיל. יעדער פּאַרזונקען אין זיך. מאַכט מיט עפּעס אַן איי־גענעם חשבון הנפש אין דער נאָענט פון יענעם אָרט.

די רעדער פון דעם אויטאָ גליטשן זיך גלאַטיק איבער דעם וועג, וואָס איז געבויט געוואָרן דורך ידישע הענט. איך קוק זיך אַרום, צי עס הערט נישט ווער, ווי הויך עס נעמט ביי מיר זעצן דאָס האַרץ, און ווי אַלע מאָל, פּנים אל פּנים מיט עפּעס, וועגן וואָס מען האָט אַסך געטראַכט, פאַרוואָס מען האָט שטאַרק געציטערט, געפּלאָגט זיך אָן אַ שיעור אין דמיון — ווירקט די ממשותדיקע באַרירונג דער־מיט אינגאַנצן אַנדערש, ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט. איך פּרוּוו אינדערגיך אַרויסרופן אין זכרון די פּנימער פון אַלע נאָענטע און נאָענטסטע. פון די, וואָס אָט דער וועג מיט וועלכן מיר טוען זיך איצט דערנענטערן אהין, איז געווען זייער לעצטער וועג.

ווען עס וואָלט באמת עקזיסטירט אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה, וואָלטן דאָך אויך זייערע נשמות דאָ אַרומגעוואָגלט איבער אָט דעם אָרט. צווישן די נשמות, וואָס קאָנען נישט געפינען קיין תיקון. ווייל אומגעקומען איז די מאסע. ווער ווייסט — אפשר זיינען ידישע נשמות אָט דער נעפּל, וואָס הענגט איצט איבער. אינ־זערע קעפּ.

אָט זעט מען שוין די שינעס פון דער באַן־שטרעקע שעדלעץ־מאַלקין. אָט דאָרטן איז עס, דאָרט, לינקס פון יענעם וועלדל.

און דער הימל הענגט איבער דער וויסטער לאַנדשאַפט א בליי־ערנער, אַ נידעריקער, ממש צום דערלאַנגען. דער מילך־גרויער נעפּל פּילט אָן דעם גאַנצן חלל. די נאָדל־ביימער שיילן זיך אַרויס פון ווייטן, ווי איינגעהילט אין שוואַרצע שלייערן. די זון איז גע־וואָרן בלייך און פאַרשטעלט. ווי אַ קליין, קיילעכדיק מענטשן־פּנים קוקט זי אַראָפּ פון אויבן. ווי דאָס איינגעקאָרטשעטע, פלוצים פאַר יסורים געעלטערטע פּנים פון אַן אָבל.

— פון וואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ נעפּל? — רופט זיך ווער אָן אויפן אויטאָ.

— איבער דעם אָרט וועט תמיד שטיין א נעפּל — ענט־

פערט א טרעבלינקער. און איך זע באשיינפערלעך, אַז ער וויל בנ׳ד עפּעס זאָגן. עפּעס גרויס און טיפס, עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט נאָך ביי זיך לעבן נישט געזאָגט. נאָר ער קאָן נישט.

# דאָס פּוילישע קאַלאָראַדאָ,
# אָדער גאָלדרויש אין טרעבלינקע

איך האָב געוווסט, אַז אַזוי וועט עס אַמאָל זיין און איך האָב נאָך מיט דריי יאָר צוריק געשריבן וועגן דעם. נביאות געזאָגט, אַז דאָס אָרט פון יידישן אומקום וועט אַמאָל ווערן דאָס פּוילישע קלאָנדייקע, וווהין אַוואַנטוריסטן פון גאַנצן לאַנד וועלן קומען גראָבן די ערד און זוכן אוצרות.

איבער טרעבלינקע זיינען טאַקע אַדורך קאָלאָסאַלע אוצרות. הונדערטער און הונדערטער טויזנטער מענטשן זיינען אַהער געקו־מען מיט דעם בעסטן און טייערסטן פון זייער פאַרמעגן. „גאָלד און וואַלוטע איז דערלויבט מיטצונעמען"—איז געשטאַנען אויף די גירוש פּלאַקאַטן אין וואַרשע און אויך אין אַנדערע שטעט. למען השם, יידעלעך — הייסט עס — פאַרגעסט נישט מיטצונעמען אייער געלט און גאָלד, אַ חסד זיי האָבן דאָס געטאָן מיט יידן! דערלויבט זיי מיטצונעמען דאָס, וואָס זיי האָבן, על פּי דייטשן געזעץ, אייגנטלעך שוין פון לאַנג נישט געטאָרט פאַרמאָגן.

ווען די יידן זאָלן נישט געווען אַזוי שטאַרק היטן זיך צו קוקן דעם אמת גלייך אין די אויגן, האָבן זיי שוין פון דעם אַליין באַ־דאַרפט פאַרשטיין, וואָס עס וואַרט אויף זיי. אַזעלכע ווייט־גייענדיקע טיפּשים, זיי זאָלן שוין, לויט דער פאַראָרדענונג פון יאָר 1940, אַלץ האָבן געהאַט אַוועקגעגעבן, זיינען זיי פונדעסטוועגן נישט געווען. ווער מער, ווער ווייניקער, מיטן אויסנאַם פון די, וואָס האָבן שוין געהאַט אַלץ אויספאַרקויפט פאַר נויט (אויף וויפל זיי זיינען שוין

נישט ביז 1942 פאַר נויט געהאַט אויסגעשטאָרבן — די סאַמע אָרעמסטע, די פּליטים, דער ידישער פּראָלעטאַריאַט) האָבן דאָס רוב יידן געהאלטן אָפּגעשפּאָרט אַ „בויט־פּעניג", אַ מטבע אויף „נישט די שעה זאָל עס זיין", אויף „נישט צו באַדאַרפן".

ווי אַ וואָגלער־פאָלק פון דורות, בפרט נאָך זינט דער מלחמה און די גירושים, זינט יידן האָבן שוין געוווסט, אַז אין משך פון איין האַלבער שעה קאָן מען הייסן אַרויסגיין און איבערלאָזן אַלץ — האָבן אַלע יידן געשטרעבט וואָס מער פון זייער אומבאַוועגלעכן פאַרמעגן אַריינלייגן אין באַוועגלעכן. און אין סאַמע באַוועגלעכסטן: אין גאָלד, אין צירונגען, אין דאָלאַרן.

צי הייסט עס, אַז יידן זיינען טאַקע אַ פאָלק פון בלויז גבירים? בשום אופן נישט! אָבער איך האָב שוין היינט נישט בדעה אַריינ־צולאָזן זיך אין קיין וויכוח מיט אַנטיסעמיטישע לעגענדעס וועגן יידישן רייכטום. עס זיינען געווען אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט גרויסע גבירים — אָבער אויך דאָס רייכטום האָט זיי נישט געהאָלפן און זיי זיינען, אינאיינעם מיט דער גרויסער אפּותיקא זיי־ערער, געבראַכט געוואָרן קיין טרעבלינקע. נאָך גרעסער האָט אָבער געמוזט זיין, גענומען צוזאַמען, דאָס פאַרמעגן פון דעם מיטעלן און קליינעם פאַרמאָגער. פון דעם „ייד פון אַ גאַנץ יאָר". דער סך־הכל פון די ידישע שנירלעך פּערל, פון די דימענטענע אוירינגלעך און גילדענע קייטעלעך, גערשנטע פון די באָבעס און זיידעס, פון די גילדענע „רענדלעך" פון פאַרגאַנגענעם דור. פון די צאַרישע קערבלעך און אַמעריקאַנער האַרטע „שטיקלעך", פון די פּאָר „ווייכע" פּאַפּיר־דאָלאַרן, וואָס אַ ייד האָט אַמאָל באַקומען פון אַ קרוב אין אַמעריקע און געהאלטן אויפגעהאָנגען אין אַ בייטעלע אויפן האלז, אָדער ארומגעבינדן אין אַ פּאַטשיילעכל אַרום לייב. כ'רוב האָט מען אַזעלכע זאַכן געגעבן פרויען צו באַהאלטן, איינצונייען אין גאַר־סעטן, באַוואָרענען אויף כלערליי אופנים. פרויען, האָט דאָך גע־הייסן ביז 1942, זיינען ווינציקער אויסגעשטעלט ווי מענער, אויף סכנות. עס קאָן טאַקע מעגלעך זיין, אַז גראָד דערפאַר איז דאָס

געיעג אויף פרויען, בשעת די „אקציעס" געווען גרעסער, ווי אויף מענער.

דאָס אַלצדינג איז געבראַכט געוואָרן קיין טרעבלינקע. גאָלד און וואַלוטע האָט זיך דאָ בוכשטעבלעך געוואַלגערט, נישט איין בלאָטע איז אין זאמד און שטויב. צענער און צוואַנציקער דאָלאַר־שטיקלעך פלעגן געטראָטן ווערן מיט די פיס. פּאַפּיר־געלט האָבן די ייִדן אין לעצטן מאָמענט אָפּט צעריסן, אָבער גאָלד האָבן זיי נישט געקאָנט צערייסן און די דייטשן האָבן פון טרעבלינקע און פון אַנדערע אַזעלכע ערטער אַרויסגעפירט שווערע מיליאָנען, מיליאַרדן.

מיר דאַרפן כסדר געדענקען וועגן דעם, אַז דער ייִדן־מאָרד איז געווען קודם כל אַ רויב־מאָרד. די עקספּלואַטאַציע פון געלט און ווערט־זאַכן. פּונקט, ווי די עקספּלואַטאַציע פון דער גאַנצער ייִדישער ירושה, ווי די גאַנצע טרעבלינקער „ווערטערפאַסונג" פאַרן טויט און נאָכן טויט — איז באַלד לכתחילה אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַן ערשטקלאַסיקן אופן. צום אָנפירן מיטן סאָרטירן די געלטער און גאָלד־זאַכן האָט מען אַראָפּגעבראַכט דייטשע יובּילערן. אַזאַ איינער — ווי די טרעבלינקער גיבן איבער — „אַ גאַנץ אָנשטענדיקער יעקי" (ווייל ער האָט נישט געמיטשט אָן אַ פּאַרוואָס אין פּלעגט זיך באַמיען אַרויסצושלעפּן פון די סעלעקציעס די ייִדן, וואָס האָבן געאַרבעט אונטער זיין באַפעל) האָט געשטאַמט פון לייפּציג. צוזאַמען מיט זיינע „גאָלד־ייִדן" האָט ער איבערגעקליבן, געשאַצט, געוואויגן און אַ וואַליזע נאָך אַ וואַליזע, אָנגעפּאַקט מיט בריליאַנטן, מיט צירונג, מיט גאָלד־שמעלץ, מיט אויסלענדישע וואַלוטע. פון צייט צו צייט פלעגט מען פאַרלאָדן די וואַליזעס אויף אויטאָס און אָפּשיקן אונטער עסקאָרט קיין לובלין. אפשר צו דער דיספּאָזיציע פון ס.־ס.־גענעראַל און בריגאַדע־פירער גלאָבאָטשניק. אפשר דורך זיינע הענט ווייטער צו עקספּעדירן פאַר מלוכה־צוועקן, אָדער פאַר פּערזענלעכע צוועקן פון די מיניסטאָרן און די „רייכספירער" קיין בערלין.

עס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז די, וואָס האָבן גע־האַט דעם גרעסטן חלק אין דעם באשאפן פון דעם דאָזיקן הכנסה־קוואל, האָבן אויך באַקומען פון אים די געהעריקע פּראָוויזיע.

עס איז זיך לייכט משער צו זיין, ווי זיי פלעגן זיך קעגנזייטיק פרעזענטירן און מהנה זיין, די גלאַבאַטשניקס און הימלערס.

וויניקער אָפיציעל, אָבער אויך גענוג נישקשהדיק, זיינען גע־ווען די „שיינע מתנות", וואָס עס האָבן פון דאַנען ארויסגעפירט און אַרויסגעשיקט די דייטשע און אוקראַינישע ס.־ס.־לייט. די שווערע רינגען, די טייערע זייגערס. אבי וואָס האָט מען נישט אַראָפּגעלאָזט צו זיך אין קעשענע.

צומווייניקסטן האָבן פון דער יידישער ירושה געקאָנט געניסן יידן. זיי האָבן, וואָס אַן אמת, אויך געפרוווט. די, וואָס האָבן געאַר־בעט אין וואלדן, האָבן מיט דער הילף פון „בלאטע" אוקראַינער, תאַר גוטער וואַלוטע, פאַר פאַנטאַסטישע פרייזן, געקויפט אין די צ"ומיקע דערפער עפּעס שפּייז.

ווען אַ ייד איז געלונגען צו אַנטלויפן, האָט ער אָפטמאָל אויך עפּעס אַרויסגעפירט. אָפטער איז געווען, אַז מען האָט ביי אים אויפן וועג אַלץ אַוועקגערויבט, טיילמאָל מיטן לעבן צוזאמען. אַזוי אַרום זיינען טאַקע אין דער געגנט אויפגעקומען גזלנים און גבירים.

און ווען אלץ האָט זיך שוין געענדיקט, ווען דער לאַגער איז פון לאנג געוואָרן פארברענט און אלץ ארויסגעפירט, וואָס פאַרא האָפענונג איז נאָך א י צ ט פאראן אויף גאָלדענע אוצרות?

פאראן!

באַהאַוונטע ווייסן, אַז נישט אלע מתים זיינען געוואָרן פאר־ברענט און אז אחוץ מתים נאקעטע, זיינען אין א טייל קברים אין פארשידענע ערטער באגראָבן געוואָרן יידן אין בגדים.

מיט נישט דורכגעזוכטע קעשענעס, מיט נישט אויסגעפונענע באַהעלטענישן — געהיימע, איינגענייטע, פולע, און ביי זיי, ביי די זעלביקע יידן האָט אויך די נאָכטוויטיקע „ווערטערפאסונג" די גאָל־דענע ציין נישט אַרויסגעשלעפּט פון מויל. איז טאַקע אויף אָט די

ציין און בגדים, אויך אויף אוצרות באַגראָבענע דורך יידישע אַר־בעטער, לויערן די, וואָס קומען אַהער מאַכן אויסגראָבונגען.

כלערליי שאַבראָוניקעס און מאַראָדערן – מיט לאָפּעטעס אין גאַנצע מחנות — קומען זיי אַהער. און זיי גראָבן, זוכן, נישטערן. זייען איבער דאָס זאַמד, שלעפּן ארויס פון דער ערד האַלב־פאַר־פוילטע שטיקער גופים, ביינער, פאַרשימלטע מיסט. טאָמער, אפשר וועט מען אָנטרעפן כאָטש אויף איין האַרט שטיקל, כאָטש אויף איין גאָלדענעם צאָן. אפילו נישט אויסגעבּרענטע קאַנאָנען־קוילן און באָמבעס ברענגען זיי אַהער צו שלעפּן — די מענטשלעכע שאַקאַלן און היענעס. לייגן אונטער צו עטלעכע מיטאמאָל און רייסן אויס ריזיקע לעכער אין דער געשענדעטער, מיט בלוט אַדורכגעווייקטער, מיטן אַש פון די פאַרברענטע יידן אויסגעמישטער ערד...

# די זאַמדיקע ערד אַנטפּלעקט איר סוד

דער אויטאָ בלייבט שטיין. מיר שטייגן אויס. דאָ הייבט זיך אָן דאָס געביט. לויט די אויסמעסטונגען — 15 העקטאַר די גרויס. פּאַראַלעל מיט די באַן־שינעס לויפט אַ גוט־געפּלאַסטערטער וועג — אפשר אַן אנדערטהאַלבן קילאָמעטער די לענג — און האַקט זיך אָפּ. פון אים צווייגט זיך אָפּ אַ צווייטער וועג און האַקט זיך נאָך שנעלער אָפּ. דער שוטער פון דיביידע וועגן איז אויסגעמישט מיט קויל און אַש פון די שייטערהויפנס, אויף וועלכע עס זיינען געברענט געוואָרן די מתים. דער צווייטער וועג פירט אין דער זעלביקער ריכטונג ווי יענע „הימלשטראַסע", פון וועלכער עס איז שוין איצט נישטאָ קיין זכר. נאָך אַ שטיק בעטאָנענער פונדאַמענט פון אַ פערדשטאַל און דאָס איז אַלץ, וואָס איז פאַרבליבן פון דעם גאַנצן לאַגער־געבוי. פון די דראָטן, פון די באַראַקן, פון די וואַך־טורעמס, פון די גאַז־קאַמערן. א טייל פון די בנינים איז געוואָרן פאַרברענט בשעת דעם אויפשטאַנד און דעם רעשט האָבן צוגענומען די שאַבערמאַכערס פון די אַרומיקע דערפער, שוין נאָכן אַריינקומען פון דער רויטער ארמיי.

אין די דייטשע צייטן איז דאָס גאַנצע געביט פאַראַקערט געוואָרן און פאַרזייעט מיט לובין. און דער לובין איז טאַקע אויפגעגאַנגען און פאַרדעקט דעם גאַנצן שטח מיט א גרינער מאַסקע. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אז פאַרווישט זיינען די שפורן פון פאַרברעכן. דערנאָך, זינט פאַראַיאָרן, האָבן אָנגעהויבן קומען אויפן מתים־פעלד די

מענשטלעכע שאַקאַלן און היענעס און אַט הײַנט מיר האָבן אַנגעטראָפן פאַר אַ בילד.

דאָ און דאָרט, ווי גראָזן ביים ברעג ים, האַלב־פאַרשאָטענע דורך די וואנדערנדיקע זאמדן, שטאַרצן קליינע פארוויאנעטע הייפ־לעך לובין. נישטאָ קיין גלייך שטיק אָרט אויפן גאנצן שטח. אַלץ איז צעראָיעט און צעגראָבן. בערגלעך און גריבלעך. און אויף זיי, און אין זיי, און צווישן זיי — קודם כל — זאכן. אַלומיניענע טשיי־ניקעס און פענדלעך, בלעכענע עמאלירטע טעפּלעך — פאַרזשאַ־ווערטע, צעבויגענע, געלעכערטע. קעמלעך מיט אויסגעבראָכענע ציין, האַלב־פארפוילטע פּאָדעשוועס פון ווייבערישע זומער־שיכלעך, צעבראָכענע שפּיגעלעך, לעדער־בייטלעך. אַלץ דאָס געפינט זיך אויפן פּלאַץ, וווּ עס איז געווען די ערשטע דראָט־פאַרצוימונג נעבן דער באַן־ראַמפּע.

מיר הייבן אָן אונזער גאַנג איבערן שטח פון דעם אָרט, וווּ מען האָט אויסגעלאָדן די טראַנספּאָרטן און גייען אויך ווייטער מיט דעם וועג, וווּ זיי זיינען געגאַנגען, די אַהערגעבראַכטע יידן. דאָס וואָס מיר זעען דאָ, זיינען רעשטן פון דער טרעבלינקער „ווערטער־פאַסונג". רעשטן פון די ריזנשטויסן יידישע ירושה, וואָס מען האָט דאָ געפּאַקט און אַרויסגעפירט, געברענט און געראַמט און פאַרט נישט געקאָנט אינגאַנצן אַרויסרוימען. נישט באַוויזן זיך צו באַ־פרייען פון די איבערבלייבענישן נאָך הונדערטער טויזנטער מענטשן וואָס זיינען דאָ אַדורך. די זאַכלעכע באַווייזן, די קאָרפּאָרא דעליקטי.

און אפשר וואָלט נאָך ווער געהאַט ספיקות, ווער עס זיינען געווען די מענטשן, וואָס האָבן דאָ אַזוי שפּעדיק געלאָזן שפּורן פון זייער פאַרשניטן לעבן, צו וואָסער נאַציע זיי האָבן באַלאַנגט — איז אָט — קוקט זיך איין:

צעבויגענע שבתדיקע לייכטער — מען קאָן אָנקלייבן קאָלעק־ציעס גאַנצע. אַ שטיק טלית. ערשט מסתמא אַרויסגעשאַרט פון דער ערד, ליגט ווייס און פריש, מיטן בלאָען מגן־דוד אַרויף אַן עלעגאַנ־

טע וואַרשעווער „אַפּאַסקע" (ראָג קאַרמעליצקע און לעשנאָ — לעצטע געטאָ־מאָדע). אַ גאַנצער הויפן שייטלען.

דאָס מוז אוודאי זיין אַ נישט אָפּגעבערענטע פאַרבלאָנדזשעניש פון עפּעס אַ מאַגאַזין.

די לעבעדיק אָפּגעשניטענע האָר האָט מען פאַרווענדט אַלס רוי־שטאָף פאַר אינדוסטריעלע צוועקן, אָבער מיט די פאַבריקן פון אַלטע, פרומע יידענעס האָט מען, זעט אויס, געהאַט בדעה צו מאַכן עפּעס בעסערע געשעפטן. אפשר האָבן זיי דורך עפּעס אַ באַפרייט־דעטער, „נייטראַלער", מלוכה געזאָלט פאַרקויפט ווערן פאַר גוט געלט די יידן אין אַמעריקע. אינאיינעם מיט די ספרי תורות און גמרות, וואָס מען האָט צוליב דעם זעלבן צוועק זאָרגעוודיק געפּאַקט אין קאַסטנס און באַהאַלטן.

אָבער נישט צו זאַכן אליין באַגרענעצן זיך די זאַכלעכע באַווייזן. מיר לאָזן זיך אריין טיפער אין שטח און מיר טרעטן אַרויף אויף אַ פעלד, וואָס איז פאַרזייעט מיט מענטשלעכע ביינער.

די באַמבעס האָבן אַנטפּלעקט די אינגעווייד פון דער געשענ־דעטער ערד. פּיס־ביינער, ריפּן, שטיקער חוט השדרות, שאַרבנס, גרעסערע און קלענערע, קורצע און לאַנגע, קיילעכדיקע און אָוואַלע. שאַרבנס...

ווו נעמט מען דאָ אַ ראַסן־פאָרשער?

ענדלעך וואָלטן דאָ געקאָנט געמאַכט ווערן די סאַמע ענדגילטיקע אַנטראָפּאָלאָגישע מעסטונגען, בנוגע דעם ראַסן־צוזאַמענשטעל פון דעם יידישן פאָלק.

אָדער אפשר באַדאַרף מען דאָ צו האָבן אַ פילאָזאָף, אַ חקרן, אַ פּרינץ האַמלעט פון דאַניע, וואָס זאָל זיך דאָ אַרומשטעלן פירן אַ קברנים־שמועס. באַטראַכטן און באַזאָגן אָט די שאַרבנס.

—אַ זאַק, אפשר איז דאָ עפּעס אַ זאַק? לאָמיר מיטנעמען אַ זאַק מיט ביינער!

אין איין מינוט איז צונויפגעשאַרט געוואָרן אַ הויפן ביינער.

קיין זאק איז אָבער נישט געווען און מיר האָבן קיין ביינער נישט מיטגענומען.

נאָר וואָס פארא באלאנג האָט אַ זאק? פון דאנען וואָלט מען געקאָנט ארויספירן — וואגאָנען! נאָך אלע פארברענונגען. איבּ די ביינער זיינען רעליקוויעס, קאָן מען מיט די רעליקוויעס פון טרעבּלינקע באטיילן דאָס גאנצע יידישע פאָלק.

# ס'איז מיין קינדס פיסעלע

וואָס ווייטער מיר גייען, אַלץ שטאַרקער פאַרשלאָגט די לופט מיט מתים־אוויר. מיר זיינען שוין אדורך דעם באַרימטן „זאַגייניק", די שיטערע סאָסנע־ביימער, דורך וועלכע עס איז געלאָפן דער „הימלוועג". מיר געפינען זיך אויפן געביט, ווו עס זיינען געווען די גאַז־קאַמערן, די קאָלאָסאַלע מאַסן־קברים און די ברען־פּלעצער. ערטערווייז מישט זיך דער מתים־ריח מיטן גערוך פון שריפה. מיר זעען טאַקע דאָ און דאָרט קופּקעס ווייסן אַש און פאַרקוילטע ביינער, הייפלעך סאַזשע. אַלץ דאָס איז שוין געלעגן באַגראָבן אין דר'ערד אויף עטלעכע מעטער די טיף, אויסגעמישט מיט זאַמד און מיט זאַמד פאַרשיט, אָבער צוליב די אויפרייסן איז עס ווידער אַרויפגעקומען אויף דער אויבערפלאַך. אויף איין אָרט איז אויסגע־ריסן אַ ריזיקער גרוב פון עטלעכע אונטערגעלייגטע באָמבעס מיט־אַמאָל. אויף דעם דנאָ פון דעם גרוב זעט מען אומקלאָר צוליבן נעפּל עפּעס קאָנטורן.

— דאָס זיינען נישט בלויז ביינער — זאָגט דער פּראָקוראָר — דאָרט ליגן נאָך אַרומגעקלעפּט מיט זאַמד שטיקער האַלב־פאַר־פוילטע גופים, בינטלעך געדערים.

דער פּראָקוראָר און דער ריכטער קאָנען שוין דאָ יעדעס ווינקל. זיי אַרבעטן שוין אַ שטיקל צייט איבער דער אויספאָרשונג. זיי האָבן פאַרהערט עדות ידישע און נישט ידישע. דורכגעפירט מעסטונגען און קלענערע אויסגראָבונגען.

די טרעבלינקער לויפן אַהער און אַהין, זיי ווייסן, זיי ווייזן,

זיי אַמפּערן זיך מיטאַנאַנד. זיי זיינען זיך טועה און דערקענען ווי־דער די ערטער. זיי וואָלטן עפּעס וועלן טאָן, מאַכן אויסטערלישע זשעסטן, וואָס זאָלן כאָטש ווי נישט איז אָפּשפּיגלען די געפילן זייערע, פאַרבונדענע אין אזא געפלעכט מיט אָט דעם אָרט, מען דאַרף אַנזאַמלען ביינער. זיי שפּרינגען אריין אין די גריבער, פּאַר־פלען זיך מיט די הוילע הענט אין די צעפוילטע רעשטן מתים, ווילן ווייזן, אַז זיי מיאוסן זיך נישט.

און זיי זיינען גערעכט. מיר זיינען איצט פּונקט ווי די מוזולמענישע סעקטאַרן, וואָס ציען אין קאַ־ראַוואַנעס מיט זייערע טויטע קיין מעקאַ, האַלטן פאַר זייער הייליקן חוב צו פאַרטראָגן מיט געדולד און ליבשאַפט אויפן וועג דעם מתים־ריח. אַזוי פילן מיר אויף די פעלדער, וווּ עס ליגן די לעצטע רעשטן פון אונזערע קדושים.

— טוט א קוק, אָט דאָרטן אויפן ראַנד פון יענעם לאָך, — זאָגט דער ריכטער — דאָרט ליגט דאָס סקעלעטל פון אַ קינדעריש פּיסעלע.

אַ טרעבלינקער לויפט אַהין צו.

— גיב אַכטונג — וואָרנט אים אַ צווייטער — ביים פּיסל הענגט נאָך אַ שטיקל פליישׁ.

אבער דער, וואָס האָט עס געהאַלטן אין נעמען, וויקלט עס איין אין א צייטונג מיט אַזאַ זשעסט, ווי אַ פרומער ייד פלעגט איינ־פּאַקן אן אתרוג. ער הילט עס ארום מיט דער פּאָלע פון זיין מאַנטל, לייגט עס דערנאָך אריין אין בוזים־קעשענע און טוליעט עס צו צו זיין האַרץ.

— אפשר איז דאָס ס׳פּיסעלע פון מיין יינגעלע, וואָס כ׳האָב דאָ אַהער געבראַכט צו פירן — ענטפערט ער. און דאָס אומהיימ־לעכע איז, וואָס הגם מליצה רעדן ווילט זיך איצט אַיעדן פון אונז און מליצה איז דאָ אָדער זייער אויפן פּלאַץ, אָדער אינגאַנצן איבע־ריק, קאָן עס אויך זיין צופעליק אן אמת, א פּשוטער, פאַקטישער אמת

ווער וועט עס דערקענען די שאַרבנס, די ריפּן, די פּיס־ביינער, וואָס זיינען דאָ גראָד געבליבן נישט פאַרברענט? ווי האָט אַמאָל געזונגען פּרץ מאַרקיש אין זיין „קופּע“:

דו זוכסט דיין טאַטע־מאַמע דאָ,
דו זוכסט דיין חבר?
זיי זיינען דאָ, זיי זיינען אַלע דאָ...

די ביינער זיינען אונזער אַלעמענס ביינער. לאָמיר זיך גוט צוקוקן: ליגן דאָרט נישט אַמאָל אונזערע אייגענע שאַרבנס אין דאָזיקן גריבל פון זאַמד? און אונז, אָדער עפּעס אַ בייזן, דערצערנטן גאָט חלומט זי בלויז אין אַ טויט־טרויעריקן, נעפּלדיקן האַרבסט־טאָג, אַז מיר האָבן נאָך אונזערע קעפּ אויף די אַקסלען.

עס איז דאָך בלויז אַזאַ אומגילטיקער צופאַל, וואָס אונזערע ביינער וואַלגערן זיך דאָ נישט אַרום אויפן דאָזיקן פעלד.

זיינען מיר דאָך אינאיינעם מיט יענע אַלע געוועזן פאַרמשפּט אומצוקומען אויף דעם זעלביקן אופן און אויף דעם זעלביקן אָרט...

# עס פאַלט צו די נאַכט

מיר גייען שוין צוריק.

מיר קומען ווידער אויף דעם אָרט פון די געשירן. איינגעוורעט מיטן פּיסקעלע אין זאמד באמערקט ווער ליגן מן הצד אַ קליין ראַנדעלע אויף צו וואַרעמען מילך. אפשר האָט עס אַ מאמע מיט־געהאַט אין רוקזאק פאר איר פּיצל קינד? און איצט וואַלגערט זיך דאָס ראַנדעלע איינזאַם, ווי אַ יתומהלע. זשאַווערט אויפן רעגן און קיינער דאַרף עס שוין נישט מער.

פאַרשעמטע און טיף געקרענקטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, פאַרלאָזן מיר דאָס אָרט.

נישט געקומען נאָך די צייט, מען זאָל זיך דאָ אויף דעם אָרט קאָנען קאָנצענטרירן אין טיפן טרויער. עס זאָל דאָ ווער קאָנען תפילה טאָן, וויסנדיק, אַז אין דער ערד געפינען זיך די רעשטן, די אַשיקע שטויבן פון זיינע קרובים און פריינט, פון הונדערטער באַ־קאַנטע און פון הונדערטער טויזנטער אומבאַקאַנטע יידישע מענטשן.

דער מוראדיקער כעס, ווייטיק און פּראָטעסט קעגן דעם גיגאַנטישן וועלט־פאַרברעכן, וואָס איז דאָ געוואָרן אָפּגעטאָן, ווערט מטושטש און צעקאַליעטשעט צוליב דעם עקלהאַפטן קליינלעכן און מיאוסן, וואָס ווערט דאָ געטאָן דורך קליינלעכע ברואים איצט, היינט. נאָך דער מלחמה און נאָך היטלערס מפּלה.

מיר זעצן זיך אויפן אויטאָ און פאָרן אָפּ צוריק קיין שעדלעץ.

מיר הייבט שטאַרק אָן ווייצוטאָן דער קאָפּ.

אַ שווערע מידקייט נעמט אַרום אונז אַלע.

איבער דעם טרעבלינקער פעלד פאַלט צו די נאַכט.

# אינהאַלט

## פּלאַן פֿון טויטן־לאַגער אין טרעבלינקע



א. באַן־ליניע קאָסאָוו — טרעבלינקע.
ב. שאָסע פֿון קאָסאָוו קיין טרעבלינקע.
ג. וועג פֿון דער שאָסע צום טויטן-לאַגער, טרעבלינקע 2.
ד. דער וועג פֿון דער שאָסע צום אַרבעטס-לאַגער, טרעבילנקע 1.
ה. וועגן אויפֿן געביט פֿון לאַגער.
ו. זייטי־געלייז פֿון דער באַן־סטאַציע טרעבלינקע צו דער זשוויראָוויע.

1. זייטן־געלייז צום טויטן־לאַגער.
2. די באַראַקן אויפֿן אויסטו פּלאַץ.
3. דער וועג פֿון די קרבנות פֿון דער ראַמפּע ביז די גאַז־קאַמערן.
4. די בנינים מיט די 13 גאַז-קאַמערן.
5. די פּלעצער פֿון פֿאַרגראָבן און ברענען די מתים.
6. „לאַזאַרעט".
7. באַראַק פֿון די דייטשן און געווער-מאַגאַזין.
8. באַראַקן פֿון די אוקראַינער.
9. קאָמענדע פֿוז לאַגער.
10. די פֿאַרצוימונג פֿון לאַגער.
11. די וואַך־טורעמס.

באַמערקונג:

אַלע בנינים און איינריכטונגען פֿון 1 ביז 11 עקזיסטירן איצט נישט מער. דאָס אָרט און לאַגע זייערע איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן אויפֿן יסוד פֿון די פּלענער. וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן דורך די געוו. טרעבלינקער אסירים יאַנקל וויערניק און אַלעקסאַנדער קודליק, ווי אויך אויפֿן יסוד פֿון די מעסטונגען, וואָס זיינען דורכגעפֿירט געוואָרן דורך דעם געשווירענעם געאָמעטער ק. טרויטסאָלד.

פֿאַרקלענערונג 1 : 4000

## רשימה פון פאָטאָגראַפיעס:

1. דער וועג קיין טרעבלינקע

2) גרופע געוועזענע אסורים באַטייליקטע אין דער עקספעדיציע קיין טרעבלינקע
עס שטייען פון לינקס אויף רעכטס: ת. גרינבערג, ש. פרידמאַן, י. רייכמאַן, ש. רייזמאַן און מ. מיטעלבערג

3. גרופע געוו. טרעבלינקער אסורים, וואָס האָבן זיך אויפגעקליבן נאָך דער באַפרייאונג פון די מזרח-שטחים פוילן. לובלין 1944.

4. טרעבלינקע: אַלגעמיינער אַנבליק פון געוועזענעם לאַגער-געביט

5. טרעבלינקע: קופע מענטשלעכע ביינער

6. לאָקאַלע וויזיע אויפן געביט פון געוו. טרעבלינקער לאַגער דעם 7 נאָוועמבער 1945. עס שטייען פון לינקס אויף רעכטס. אין דער ערשטער ריי: ש. פרידמאַן, געוועזענער באַאַמטער ק. טרויטסאלד, רחל אויערבאַך, ריכטער לוקאַשקיעוויטש, י. רייכמאַן, זד. יוסף קערמיש, ת. גרינבערג, מ. מיטעלבערג, פּראָקוראָר מאַטשיעיעווסקי, ש. רייזמאַן

7. אויפן שטח פון דעם געוו. טויטן-לאַגער

8. טרעבלינקע: אַ קופע זאַמד אויסגעמישט מיט מענטשלעכער אַש און מענטשלעכע ביינער

# תיקון־טעות

| זייט | שורה | געדרוקט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 7 | 5 פון אויבן | מ. טרויטזאָלד | ק. טרויטסאלד |
| 11 | 7 ״ ״ | די בעקעלעך | צו בעקעלעך |
| 45 | 13 ״ אונטן | אַבסטראַבירן | אַבסטראַהירן |
| 54 | באַמערקונג | אַזוי אַ — | און אַ — |
| 54 | ״ | אַ סך מיט | מיט אַ סך |
| 55 | 1 פון אויבן | ריכטיק | טיכטיק |
| 57 | 3 ״ אונטן | אַרבעט | אַרבייט |
| 69 | 15 ״ ״ | געפעק און | געפעק אין |
| 70 | 4 ״ אויבן | אַריינגעטרעטן | איינגעטרעטן |
| 70 | באַמערקונג | אומגעקומען | אומגעקומענע |
| 71 | ״ | דאַרט | פראָט. פון ש. רייזמאַן, אַרכיוו פון צ. יי. ה. ק. |
| 75 | 10 פון אָונטן | בלויוע | בלויז |
| 76 | 12 ״ ״ | מעטאַלן | פאָטעלן |
| 78 | 10 ״ ״ | אַן ערך 300 | אַן ערך 300 - 500 |

# אויסגאַבעס פון דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פוילן

דערשינען:

1) אינסטרוקציעס פאַר זאמלער פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. לאָדזש, 1945, 22 ז.

2) אינסטרוקציעס פאַר זאמלער פון עטנאָגראַפישע מאַטעריאַלן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. לאָדזש, 1945, 16 זייטן.

3) אינסטרוקציעס פאַר אויספאָרשן די יידישע קינדער אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. לאָדזש, 1945, 16 ז.

4) מעטאָדאָלאָגישע אָנווייזונגען אויסצופאָרשן די געשיכטע פון די פוילישע יידן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. לאָדזש, 1945, 47 זייטן.

5) דאָקומענטן וועגן פאַרברעכן און מאַרטירערטום. אַנטאָלאָגיע פון גבית עדותן. דריי טיילן:

א) אין די לאַגערן.

ב) איבער שטעט און שטעטלעך.

ג) קינדער דערציילן.

קראָקע 1945, 222 — 16 זייטן.

6) אַ קאַרטע פון לאַגערן אין שלעזיע. (אויסגאַבע פון דער קאַטאָוויצער אָפּט.).

7) דער חורבן פון פּוילישן יידנטום. פאָטאָגראַפישער אַלבום דאָקומענטאַלע אויפנאַמעס, וואָס אילוסטרירן די באַרבאַרישע מעטאָדן פון אָקופּאַנט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. אַריינפיר און דערקלערונגען פון גרשון טאַפּעט. לאָדזש, 1946, 15—104—18 ז.

8) ד״ר פיליפ פרידמאן: „דער חורבן פון די יידן אין לעמ־בערג״. שטודיום געשטיצט אויף פערזענלעכע איבערלעבונגען פון מחבר און גביה עדותן. לאָדזש 1945, 38 זייטן.

9) גוסטאַ דרענגער: „יוסטינעס טאָג־בוך״. געשריבן אין דער תפיסה דורך איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין קראָקע). אַריינפיר: יוסף וואולף. קראָקע, 1946, 120 זייטן.

10) מיכאל באָרוויטש: „אוניווערזיטעט פאר תלינים״ (וועגן דעם יאנעווער לאַגער אין לוואָוו). אַריינפיר פון מאַריאַ האָכבערג־מאַריאַנסקאַ.

11) מ. געבירטיג: „עס ברענט״ (אין יידיש) לידער געשריבע־נע אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע · דורכן באַקאַנטן יידישן פאָלקס־זינגער, וואָס איז דורך די דייטשן דערמאָרדעט געוואָרן. אַריינפיר: יוסף וואולף. קראָקע 1946, 40 זייטן.

12) רודאָלף רעדער: „בעלזשעץ״. דער אמת וועגן טויטן־לאַגער אין בעלזשעץ, דערציילט דורכן מחבר, אַ לעבעדיקער עדות, וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון דער גאַז־קאמער. אַריינפיר: נעללא ראָסט. קראָקע 1946 — 65 זייטן.

13) לעאָן וועליטשקער: „די טויט־בריגאדע״. זכרונות פון מחבר, וואָס איז געצוואונגען געווען צו אַרבעטן אין אַ בריגאַדע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויסגראָבן און פאַרברענען אומגעקומענע, כדי צו פארריבן די שפורן פון מאסן־שחיטות. אריינפיר: רחל אוי־ערבאך. לאָדזש 1946, 128 זייטן.

14) דאָקומענטן און מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון יידן אין פוילן. ערשטער באַנד: לאַגערן, באַאַרבעט פון נ. בלומענטאַל (אין טעקסט גייען אַריין אָריגינעלע דאָקומענטן פון אָשוויענטשים, מאַידאַנעק, טרעבלינקע, סאָביבאָר, בעלזשעץ, כעלמנאָ א. אַז. וו.). דער אַריינפיר פון מחבר אונטערן נאָמען „דייטשע לאַגערן אין פוילן״ שטעלט מיט זיך פאַר אַ סינטעטישע אַרבעט, וואָס באַלויכט די פּראָבלעמאַטיק פון די דייטשע לאַגערן אין פוילן. לאָדזש 1946 335—13 זייטן.

15) מיכאל מ. באָרוויטש: „ליטעראַטור אין יאַנעווער לאַגער״. אַ סקיץ וועגן דער אונטערערדישער טעטיקייט און די ליטעראַרישע שאַפונגען פון די פאַרשיקטע אין יאַנעווער טויטן־לאַגער אין לוואָוו. קראָקע, 1946, 76 זייטן.

16) סטעפאַן אַטווינאָווסקי: „וויעלקאַנאָץ״ (דראַמע וועגן באַוואָפנטן אויפשטאַנד אין געטאָ), אילוסטראַציע פון אַנטאָני אוניע־כאָווסקי. אַריינפיר: מיכאל באָרוויטש. קראָקע 1946, 96 זייטן.

17) צום דריטן יאָרצייט פון דער ליקווידאַציע פון קראָקעווער געטאָ. קאָלעקטיווע אויסגאַבע, אין וועלכער עס זיינען פארטרעטן מיט אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען אַ ריי פוילישע און יידישע שרייבער קראָקע; 1946, 204 זייטן.

18) ד״ר שמעון דאטנער: „קאמף און אומקום פון ביאַליסטאָקער געטאָ״. אריינפיר־וואָרט: ד״ר פ. פרידמאַן. לאָדזש 1946. 48 ז.

19) באַומינגער רוזשע: „ביי פיקרין און טראָטיל״ דער צוואַנגס־ארבעט־לאגער אין סקאַרזשיסקאָ ־ קאַמיענגא), אַריינפיר: יוזעף שעראַדזקי. קראָקע, 1946, 62 ז.

20) יאַנקא ה.: טאָג־בוך פון אַ צוועלפיעריק מיידעלע. איבער־לעבונגען אין געטאָ, תפיסות און טויטן־לאגער אין לוואָוו. אַריינפיר: מ. האָכבערג־מאַריאַנסקאַ, קראָקע, 76 זייטן.

21) ש. שאַיעוויטש: „לך־לך״ — אַריינפיר פון נ. בלומענטאַל. צוויי פּאָעמעס פון דיכטער, וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן. לאָדזש, 1946, 74 זייטן. (אין יידיש).

22) נ. גרים: די צענטראַלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע (אַ יאָר ארבעט). לאָדזש, 1946. 62—5 זייטן.

23) דאָקומענטן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין פוילן, 2־טער באַנד. „אַקציעס״ און „אויסזידלונגען״ באַאַרבעט דורך ד״ר יוסף קערמיש. לאָדזש, 1946, 11 — 473 — 72 זייטן.

25) מגר. נאטאן עליאש שטערנפינקעל: „די פארניכטונג פון די יידן אין סאָסנאָוויעץ". די ארבעט שטיצט זיך אויף גבית עדות. דאָקומענטן, אא"וו. קאטאָוויץ, 1946, 84 ז.

26) ד"ר יוסף קערמיש: „דער אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ". אַן אַרבעט געשטיצט אויף מקורים. צווישן אנדערע אויפן ראפּאָרט פון ליקווידאטאָר פון ווארשעווער געטאָ גענעראל סטראָאָפּ. דאָס איז אַ נייער בייטראג צו די פאָרשונגס־אַרבעטן איבער דער געשיכטע פון ווידערשטאַנד־באוועגונג ביי יידן. לאָדזש, 1946 — 116 — 7 זייטן.

27) ג. טאַפּעט: „די פאַרניכטונג פון די זשאָלקעווער יידן". באַאַרבעט אויפן סמך פון אייגענע איבערלעבונגען, זכרונות און גבית עדות. אַריינפיר פון ד"ר י. קערמיש. לאָדזש, 1946, 72 ז.

28) ווידערשטאַנד־באוועגונג אין די געטאָס און לאגערן. מאַטעריאלן און דאָקומענטן. באַאַרבעט דורך ב. אייזנשטיין. אַריינפיר: פון מ. באָרוויטש. ווארשע, לאָדזש, קראָקע, 1946, 213 ז.

29) ד"ר אברהם סעלעזין: „א צושטייער צו דער דעמאָגראפיע פון דער יידישער באפעלקערונג אין לאָדזש, קראָקע און לובלין בשעת דער דייטשער אָקופּאציע". לאָדזש, 1946, 76 ז.

30) בער ריטשעוול: ווי אזוי איך האָב איבערגעלעבט די דייטשן". ווארשע—לאָדזש—קראָקע. 50 זייטן. (אין יידיש).

31) דאָקומענטן און מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון דער דייטשער אָקופּאציע אין פוילן, 3־טער באנד — לאָדזשער געטאָ, 1־טער טייל, באארבעט פון מגר. אייזנבאַך, לאָדזש, 1946, 2—300 ז.

עס דרוקט זיך:

24) ווילנער געטאָ, לידער, באארבעט דורך ש. קאַטשערגינסקי.

32) מיכאל באָרוויטש: „פּיעשן אוידזיע צאלאָ", אַנטאָלאָגיע פון דיכטונגען אין געטאָס און לאגערן.

34) מגר. נ. בלומענטאל: „אומשולדיקע ווערטער". 1־טער באנד.

35) די מארטיראָלאָגיע פון יידישע קינדער אונטער דער דייטשער אָקופּאציע. מאַטעריאלן און דאָקומענטן.

